Richter, Moses
R' Hertsele meyukhes,
oder, Yekele bal-agoleh :-
lebens-bild in 4 akten mit
epilog un 8 bilder.
Lvov : David Roth, 1907.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1873.5

**Richter, Moses**
R' Hertsele meyukhes, oder, Yekele bal-agoleh : lebens-bild in 4 akten mit epilog un 8 bilder.
Lvov : David Roth, 1907.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Yarahovski. II. Ukraine-Lviv

ID: NXYH02-B2417  CC: 9114  DCF: [HBR]
CALL: /106059 (e)

Reduction ratio x 10.0

# ר' הערצעלע מיוחס

אדער

## יעקעלע בעל-עגלה

לעבענסבילד אין 4 אקטען מיט עפילאג און 3 בילדער.

פון משה ריכטער.

מוזיק פאָן יאראהאווסקי אויס נעוו-יאָרק.





פערלאג אונד אייגענטהום דעם
דוד ראָטה, בוכהאנדלונג אין לעמבערג.


# РЕБЪ ГЕРЦЕЛЕ МЕЮХЕСЪ

Картина жизни въ 4 актахъ

сочиненіе

**МОИСЕЯ РИХТЕРА.**

Львовъ. Типографія Е. Салатъ. 1907.

# פערזאנען.

רב׳ הערצעלע מיהלשטיין — איין רייכער האלצהענדלער.
ריוועלע — זיינע פרויא.
איזיקעל — זייער זאהן.
רבקהלע — זיינע פרויא.
הערשעלע — זייער זאהן (קינד).
חיים יואל — זייער דיענער.
חוה לאה — איינע דיענסט שפעטער זיינע פרויא.
יעקעלע — איין בעל-עגלה.
טאבעלע — זיינע טאכטער.
ליבקע — איהרע שטיעפמוטטער.
מיכל — איין שדכן.
מענדעל — איין יוד.

יודען, ווייבער, סדר געסט.

(צווישען 3-טען אונד 4 אקט איזט איין צייטרוים פון 8 יעהר.
(ארט דער האנדלונג גאליציען).

## I. אקט

(פייא יעקעלע איין ארם צימער, איין אפען, איין געשיער שראנק, סאמאוואר חאמצא)

(ליבקע שטעהט אונ בלאזט אין סאמאוואר).

**ליבקע:** פו פו פו. אוי א מאן מיט א טעכטעריל האב איך מיר משט־ינ׳ט געוואגט. (בלאזט פו פו פו) זיא טהוט נישט קיין האנד אין קאלט וואסער נאר שטריקען אונ דרעהען אונ שטעפען אונ נעהען. (בלאזט פו פו) א מויד זאל נישט ויסען מען דארף א סאמאוואר אויפשטעלען אונ נאך עפים צו טהון אין שטוב, אבי זיא ווייסט... (בלאזט פו פו) נאר לאמיך נישט רעדען, איהר פאטער גלויבט זיך נישט אז איך זאג איהם, זאלסט וויסען יעקעל אז דיא מויד געפעלט מיר נישט, זאגט ער מיר רעד נישט ווארום מען וועט זאגען אז דוא ביזט א שטיעפמאמע, נוא אונ אז איך בין א שטיעפמאמע? אונ איך זעה אז איזיקעל קומט אריין ווערט זיא רויט, פערפלאמט אונ ווייסט שוין נים וואס זיא נעהט אונ וואס זיא שטריקט, נאר לאמיך נישט רעדען (בלאזט פו פו פו) קען מען דען זאגען איזיקעל קום נישט? אז זייא זענען אונזער גאנצע שטיצע, אונזער פרנסה, אונ ווייטער טראכט איך מיר... איבריגענס לאמיך נישט רעדען, (בלאזט פו פו) לאז זיא זיך פערדרעהען דעם קאפף, א פרעמד שווארץ יאהר...

(אויפטריט חוה לאה)

**ליבקע:** חאפט דיך דער רוח. (צו איהר מיט דיא הענד)

**חוה לאה:** וועמען מיך? פאר וואס?

**ליבקע:** ניין נישט דיך, נאר לאמיך נישט רעדען.

**חוה לאה:** זעה נאר דוא שטעלסט אויף דעם סאמאוואר פאר וואס נישט דעם קליינעם? — ליבקע א יא מיר האבען ביידע איין קוק, איך ווייס פאר וואס דוא ווילסט נישט רעדען, איך אליין וויל אויך נישט רעדען, רעדען מיר ביידע נישט, איך וועל בעסער ארויסשטעלען דעם סאמאוואר וועט ער זיך בעסער צו ושארען. (אב מיט׳ן סאמאוואר)



(אויפטריט טאבעלע מיט ארבייט)

ליבקע: גוט מארגען פרייליין, שטיקען און דרעהען שטעפען און נעהען דאס וועסט דו נישט פערשפעטיגען, א מויד זאל ניט וויסען א מאמענטאר אויפצושטעלען, א שטוב אויסצוקעהרען.

טאבעלע: און וואס טהוט דען האנטשאלע? זיא געהט דאך באמת ארום לעדיג, נישט קיין ארבייט אין שטוב, און נישט קיין ארבייט צו העלפען דעם טאטען צו דער פרנסה.

ליבקע: וואס? מיין האנטשאלע זאל ארבייטען, צו העלפען דיין טאטען צו דער פרנסה? ווער איז דאס עפיס האנטשאלע, דו פערגעסט אז זיא איז מיין קינד, איז נאך וועניג וואס איך האב צו טהון זאל זיא נאך אויך ארבייטען? דאס וועסט דו ביי מיר נישט דערלעבען!

טאבעלע: א ודאי אז מען האט א מאמע זיא זאל קענען זאגען מיין קינד א ודאי איז בעסער.

ליבקע: זאג נאר פריילאך וויקסט דיך שוין מיט מיר אויסטענה'ן? (מ'ט הערט יעקעלע מיט דיא פערד) אט געהט שוין דער טאטע דיינער וועל איך מיך שוין מיט איהם אויסטענה'ן.

(אויפטריט יעקעל)

יעקעל: ברררר. אוי איז היינט א פראסט אז ער ברעכט ביינער! נאך א גליק וואס מען דארף היינט ביי נאכט נישט פאהרען מיט געהילץ צום וואסער, ערשט מאנטאג, ראשית איז היינט גוט קאלט, והשנית דארף מען היינט זיין ביא אייזיקעל אויף דיא תנאים, מען וועט א ודאי דארט אויף זיין דיא גאנצע נאכט... ליבקע! ר' הערצעלע מיט רייזעלע האבען אונז געלאזט בעטען אויף דיא תנאים. טרעף וואס איך האב זייא געזאגט? אז זייא זאלען דיך שיקען עקסטרע בעטען, וועלען זייא שיקען איז גוט, אז נישט וועל איך אליין געהן און דוא וועסט בלייבען אין דער היים.

ליבקע: ניין נישט אזוי, וועלען זייא מיך שיקען עקסטרע בעטען וועלען מיר ביידע געהן, אז נישט וועסט דוא געהן און איך וועל אויך געהן וואס הייסט איך וועל נישט זיין ביא אייזיקעל אויף דיא תנאים? און ווען מען וואַרפט מיך 10 מאל ארוים, קום איך דען דאס גלייבע מאל



נישט אריין? איך וועל נישט זיין ביא אייזיקעל אויף דיא תנאים (קוקט פעסט אויף טאבעלע).

טאבעלע: מאטעניוא וועסט דוא טרינקען טהעע?

יעקעל: טהעע? יא גיב אן, נאר מיט מילעך.

טאבעלע: זעהסט דוא טאטע לעבען וואס א זווג איז, פון ווען אן כמעט רעדט אייזיקלען דעם שידוך מיט'ן רב'ס טאכטער און וויא פיעל מאל עס האט שוין געוואלט צו נישט ווערען און דאך איז היינט תנאים.

(גיט איהם טהעע).

ליבקע: און דוא געה נישט אוועק ווייל איך וויל זאלסט מיך פערקנופען אויף אייזיקעלס תנאים.

טאבעלע: אוי.... (אב)

ליבקע: נוא מיין הארצעדיקער מאן, א יא דוא שרייסט רעד נישט, נוא ווער איז גערעכט? דוא האסט געהערט דעם אוי? דוא זאלסט געוועזן הערען וויא זיא האט מיר דא געגעבען, ווייסט יעקעל וואס זיא האט מיר געזאגט? פאר וואס מיין האנטשאלע ארבייט נישט?

יעקעל [illegible] מיר צוליעב ליבקע לאז זיין שטיל, מאך מיר נישט קיין פולע וואך און קיין לייטיש געלעכטער, דען וואס וועט דיא וועלט זאגען? א שטיעפמאמע.

ליבקע: יא א שטיעפמאמע, אז נישט געבוירען האט געוואלט ווערען דער וואס האט אויסגעטראכט אז א שטיעפמאמע איז שלעכט, און וואס דיא שטיעפקינדער טהון מוז מען שווייגען, ווייל מען מוז דאך מורא האבען דיא וועלט וועט זאגען א שטיעפמאמע. נאר ניין! איך וועל דערפאר נישט מורא האבען, איך וויל עס זאל נעהמען איין עק, איך וויל דוא זאלסט מיט איהר מאכען א סוף.

יעקעל: אוי ליבקע, ליבקע! ווען וועסט דוא שוין אביסעל געזעצטער ווערען? נישט אזוי מיט'ן קינדער וויעדער, גיב נאר א קוק דוא האסט מיך שוין גרויא און אלט געמאכט, אוי דער שלמה המלך, דער שלמה המלך, דער איז גאר קיין מענש ניט געוועזן נאר טאקי א גרויסער חכם און א שטארקער גבור, אז ער האט געקענט אויס־האלטען פון טויזענד ווייבער און צווישען זייא איז נישט געוועזן איינע א רביצטע.

**ריבקע:** איך זאג דיר איך וויל דיין מוסר ניט הערען און מיין קינד וועט ניט ליידען אזוי שווער און ביטער דורך דיין פאנע, מאך איך מיין קינד א קליידעל, וויל דיין אוצר אויך, קויף איך מיין חאנטשאלע א פאר שיך וויל דיין גדולה אויך, איך וויל דוא זאלסט מיר זאגען איין מאל פאר אלע מאל, ווען וועסט דוא זיא שוין אוועק שיקען דיענען צו אלדע שווארצע יאהר.

**יעקעל:** וואס ווע זאל איך טהון אז קיין געלד האב איך ניט איך זאל איהר קענען חתונה מאכען, און איין איינציג קינד אוועק שיקען דיענען אין דער פרעמד?...

**ריבקע:** יא דיענען שיק זיא, זיא איז א געוואונטשע מויד איין אייזערנע!...
(גלעט איהם) יעקעלע לעבען, הארץ לעבען, דוא וועסט זעהן וויא געטרייא איך וועל דיר זיין, איך וועל דיר קריכען דורך דיא נעגעל, איך וועל קיין הויך ווארט נישט רעדען, אבי טרייב ארויס דיא שפין פון מיינע אויגען וועסט דוא זעהן קרוין מיינע מיר וועלען זיך לעבען שטיל און רוהיג מיט מיין קינד. ווער וועט אונז דען דערקימשען, וועל איך מיין קינד עפיס מאכען וועלען מיר ניט הערען קיין קולות און געוואלדעס מיר אויך, פאר וואס מיר נישט? מיר וועלען פשוט ניט זעהען קיין טרערהר ביא אונז אין שטוב.

**יעקעל:** ביזט מאקע געדעבט מיין געטרייא ווייב, נאר טאמער וואלט מעגליך געוועז אז דיין קינד זאל געהן דיענען און מיר ביידע וועלען דא בלייבען מיט מיין קינד, דוא וועסט זעהן קרוין מיינע (גלעט זיא) וויא מיר וועלען זיך לעבען שטיל און רוהיג. מיט מיין קינד דען ווער וועט אונז דען דערקימשען? וועל איך מיין קינד עפיס מאכען אדער קויפען וועלען מיר נישט הערען קיין קללות און געוואלדעס מיר אויך, פאר וואס מיר נישט? מיר וועלען פשוט נישט זעהען קיין טרערהר אין אונזער שטוב.

**ריבקע:** יעקעל ברענג מיך ניט אין כעס, און זיא זאלסט דוא ארויסזאגען צו אלע רוחות.

**יעקעל:** איך זאל מיין קינד ארויסזאגען? איך זאל הארעווען שווער און ביטער פון דיינעט וועגען און נאך וועגען איין פרעמד שווארץ יאהר? איך זאל ארויסזאגען מיין איינציג שטיקעל אוצר וואס איז מיר צוריק



געבליבען פון מיין אמת געטרייא הינדעלע און אייך זאל איך נאך האלטען א קרובה אויך? איז ווענג וואס זיא פלאגט זיך אזוי שווער און ביטער ביא איהר ארבייט און וואס זיא פערדיענט נעהמסט דוא ביא איהר צו. ווילסט דוא נאך איך זאל זיא שיקען דיענען? יא ווייסט דוא ווען זיא וועט געהן דיענען, ווען איהר טאטע וועט ליעגען אייה זארגן וויא איהר מאמע ליעגט, אבער כל זמן איך לעב וועל איך הארעווען שווער און ביטער און אויסהאלטען מיין קינד!

**ריבקע:** וואס האסט דוא דיך אזוי צו יאכמעט? מען קען דאך מיינען אז איך בין א פארן פעקעליק קינד און איך קען דיר גאר נישט ענט-פערען? נאר נישט איצט איז דיא צייט זיך אויסצוטענה'ן, איך וועל שוין מיין הארץ אויסלאזען צו איהר צו דיין גדולה, און דיר זאג איך אז דוא וועסט זיא נישט אוועק שיקען געזונדערהייט וועסט דוא זיא אוועק שיקען א הורג. (קלאפט אין טיש אב)

**יעקעל:** א הורג, א הורג! אוי הינדעלע, הינדעלע, דוא ביזט דיר אפגע-שטארבען, ברוך דיין אמת, מיר צוגעווארפען דעם קלאפאט נו האלט דיך יעקעל, דוא ווייסט גאר נישט וויא ביטער עס איז דיין איינציג צווייגעלע און דיין געטרייען מאן, הע מתים ווייסען דאך יא עפיס. און דוא ווייסט דאך יא וויא ביטער עס איז מיר, — אה איך וויים, ביזט א נוואי, ביין אויף מיר וואס איך האב צום צווייטען מאל חתונה גע-האט? יוא וואס האב איך געזאלט טהון? נישט געזאלט חתונה האבען? אז דוא האסט מיך איבערגעלאזט איינעם אליין מיט א קליין קינד, ווער האט מיר געזאלט אבקאכען א ביסעל אנבייסען איידער איך פאהר ארויס אין וועג אריין? צי ווער האט מיר געזאלט אנגרייטען א ביסעל ווארעמס, א ביסעל וועטשערע ווען איך קום צוריק פון דעם וועג, מיעד, פערפרירען, אויסגעווייגט און צערבראכען. אז איך האב נישט געטראפען? דאס איז א הימעלנאך, און אין הימעל ביזטו דאך געווען פריהער פון מיר, פאר וואסושע ביזט דוא נישט געקומען צו לויפען צו מיר מיט א נעשריא, יעקעל מיין געטרייער מאן ס'איז נישט פאר דיר? נור ניין דוא ביזט ניט שולדיג, וויל דער ערשטער זיווג איז מן השמים, און דער צווייטער איז נאך דעם מעשׂים [illegible] מעשׂים טובים, און אז איך האב נישט קיין מעשׂים טובים דאס וויים איך דאן

~~וואַרשע איך בין דאך א בעל עגלה, און איז ביטער צו זיין א בעל~~ עגלה.

(אויפטריט חיים יואל)

**חיים יואל:** א גוטע וואך ר' יעקעלע! ר' הערצעלע מיט ריינעלען האבען איך מיט ליבקען מיט טאבעלען מיט חוה לאה'ן מיט'ן גאנצען בני בית געלאזט בעטען אויף די תנאים, אייזיקעל ווערט א חתן, אייזיקעל ווערט א חתן. (טאנצט)

**יעקעל:** א דיר א שענעם דאנק, גייה זאג איך קום באלד, איך גייה מיך נאר איבערטהון די שבת'דיגע בעקעשע מיט'ן יום-טוב'דיגען קאפאלאטש.

**חיים יואל:** וויא איז ערגיץ ליבקע? טאבעלע? חוה לאה? ווייל מען האט מיר אנגעזאגט איך זאל יעדען מכבד זיין מיט איין עקסטערען כבוד און יעדען עקסטער בעטען.

(אויפטריט חוה לאה פערפוצט)

**יעקעל:** אט קומט חוה לאה, און איך גייה מיך איבערטהון און קום באלד. (אב)

**חיים יואל:** אוי חוה לאה וואס האסטו דיך עפעס אזוי פערפוצט?

**חוה לאה:** וואס הייסט ס'איז דאך היינט אייזיקעלס תנאים, געהען מיר היינט אויף די תנאים.

**חיים יואל:** אמת, אמת. אייזיקעל ווערט א חתן, אייזיקעל ווערט א חתן. (טאנצט).

**חוה לאה:** וואס איז אויף דיר די גדולה חיים יואל, וואס פרעהסטו דיך אזוי?

**חיים יואל:** וויאזוי פערשטעהסטו ניט? אז מען פרעהט זיך אויף יענעמס שמחה העלפט גאט אז מען דערלעבט זיך צו פרעהען אויף אייגענע שמחות.

**חוה לאה:** ס'איז נישט אמת. איך האב שוין ניט אזוי פיעל האר אין קאפ וויא פיעל מאל איך האב שוין געטאנצט אויף פרעמדע חתונות און אויף מיין אייגענער האב איך נאך נישט דערלעבט צו טאנצען.

**חיים יואל:** ווייסט נישט פאר וואס חוה לאה, האסט דאך געמוזט ווארטען אויף מיך.



**חוה לאה:** וואס זשע חיים יואל דו ווילסט אויך חתונה האבען?

**חיים יואל:** איך וויל ש'זיין אפשר פון 3 וואכען.

**חוה לאה:** נו וועלען מיר אזוי טהון, וועלען מיר איבער אכט טאג שבת מאכען דאס אויפרופעניש, און ראש חודש וועט זיין די חתונה ווייל 14 טאג אין חודש. האט פעסעלע חתונה וויל זיא אז מיר ביידע זאלען נעהמען אונטערפיהרעניש.

**חיים יואל:** גוט מיר האבען חתונה, נאר איין זאך האב איך נאך געמיינט צו וויסען איידער מיר האבען חתונה, א שטייגער אז מיר ביידע וועלען אי"ה האבען א קינד, נאך וועמען וועלען מיר עס א נאמען געבען?

**חוה לאה:** וואס הייסט? נאך מיין טאטען אדער נאך מיין מאמען.

**חיים יואל:** אוים חתונה! איך וויל נאך מיין טאטען אדער נאך מיין מאמען.

**חוה לאה:** וויל איך נישט.

**חיים יואל:** איז אוים חתונה.

**חוה לאה:** אוים חתונה איז אוים חתונה. (וויל אב)

**חיים יואל:** שטעה ווארט אוים, ווייסט דו וואס לאמיר מאכען א שותפות געשעפט, לאמיר א נאמען געבען נאך ביידע, וויא אזוי האט געהייסען דיין טאטע, מיינער האט געהייסען... משה.

**חוה לאה:** מיינער האט געהייסען (קלערט) שמואל!

**חיים יואל:** ביז זיא האט ארויסגעקוועטשט דעם שמואל — וואהל וויא די וועלט הער זשע אוים מען וועט געבען א רוף אויף שבת צו דער תורה יעמוד ר' משה שמואל בן מורנו ר' חיים יואל וואהל! א קלייניגקייט אזעלכע פיער חכמה'דיגע נעמען משה, שמואל, חיים, יואל.

**חוה לאה:** חיים יואל ווייסט וואס איך האב?

**חיים יואל:** וואס דען איך וויים ניט, א וודאי ארבים?

**חוה לאה:** א פולען טאפ!

**חיים יואל:** געפראושעטען? פאר ארבים גיב איך אוועק דעם טאטען מיט דער מאמען, איך געדענק ווען מיין מאמע האט נאך מיט מיר עליו השלום געטראגען, האט זיא אמאל שבת נאך דעם קוגעל געלייענט אין צאינה וראינה א מעשה פון דעם פעטער עשו וויא ער

האט פערקויפט זיין בכורה פאר א טאפ ארבים. איך האב מיך
דאמאלס פערקוקט אויף איהם און בין וויקאפאניע דער פעטער עשו.

**חוה לאה:** הכלל האבען מיר ביידע חתונה. מארגען וועלען אונזערע
בעלי בתים זיין שמחה׳דיג לאמיר זיך פאר זייא אויסגעבען און זייא
וועלען אונז דתונה מאכען אין א גוטער שעה.

**חיים יואל:** יא מיר האבען חתונה, אבער דעם פסוק?

**חוה לאה:** וואס זשע דוא קענסט נישט דעם פסוק.

**חיים יואל:** יא איך קען איהם אבער איך מיין אויב דוא האסט נאר דעם
פסוק ווייל דורך דעם פסוק געשעהען א סך זאכען.

**חוה לאה:** יא יא איך וויים!

№ 1

[אין אמעריקא זינגט מען דעם פסוק אין א פיעססע „דיא יודען אין מאראקא״].

אין חדר געלערענט האט דער רבי דאס קינד
דעם פסוק לא תגנוב געדענק,
דאס יונגעלע האט פערגעסען דיא טייטש געשווינד
און האט בעקומען דיא לעפקע קרענק.
דיא קרענק האט איהם אבער געשמעקט זעהר גוט
פון דעם אנהויב אבער נישט ביז צו לעצט,
געהאפט האט מען איהם ביא עפים וואס ניט
און אויף 10 יאהר איהם אריין געזעצט.

דער רבי דערזעהט איהם אין קערקער, אה וואס איז דאס שמואליק?
וויא קומסט דוא עפים אהער? אוי רבי ענטפערט ער, איך בין ניט
שולדיג, איך וויים אלע גנבים זענען ניט שולדיג, ווייסט דוא ווער עס
איז שולדיג?

אין דעם איז נאר שולדיג [דער פסוק] (3 מאל)
לעהרען יונגעלע מיט חשק,
אין דעם איז נאר שולדיג [דער פסוק] איהר זעהט
אז מען טהוט ניט וויא אין דעם פסוק שטעהט.

---

בן שמונה עשרה לחופה אין דעם חדר
האט ער געלערענט און פערגעסען דיא טייטש.



ביז 30 יאהר געהילעט האט ער כסדר
און א בחור איז נאך דער יונגאטש.
מיט א פנים פול קנייטשען, אין מויל נישט קיין צייו,
א ליסע קאפף און דיא פים פערדרעהט,
דער כלה קען 3 מאל דער אפעטיט פערגעהן
ווען זיא אזא התן דערזעהט.

דער רבי דערזעהט איהם, אה איציקעל ווער האט עם דיך אזוי שעהן
געמאכט? אוי רבי זאגט ער, איך בין אין דעם גאר ניט שולדיג, דעם
ליסע קאפ האב איך בעקומען פון צו פיעל לערנען, דיא פים זענען
מיר פערדרעהט געווארען פון א פערקיהלעניש און דיא ציין זענען
מיר גלאט אזוי ארויסגעפאלען. דערצעהל עם דיין באבען, נישט דאס
לערנען איז שולדיג, נישט דאס פערקיהלעניש, ווייסט דוא ווער עם
איז אין דעם שולדיג?

אין דעם איז נאר שולדיג דער פסוק. א. ז. וו.

---

לא תחמוד נישט גליסטען מיט א געוואלד
גיט דער רבי דעם קינד צו פערשטעהן,
קוים ווערט נאר דאס יונגעל 18 יאהר אלט
טייטשט ער דעם פסוק גאנץ אנדערש אליין,
דעם חבר׳ס ווייב האט ער קאמפלימענטע געמאכט
ביז דער חבר האט איהם דערטאפט,
באלד האט ער איהם א פאר בלויע אויגען געמאכט
און דאס פנים, דיא נאז גוט צעקלאפט.

Jacob

דער רבי בעגעגענט איהם אין דער גאס, אה ווער האט דיך אזוי
צעהרג׳עט? קוק דיך אן א פנים דוא האסט. דאס האט מיך מיין חבר
צעקלאפט אומזיסט און אומנישט. איך בין דא גאר ניט שולדיג. אוי
דוא נאר איך וויים אז נישט דוא און נישט דיין חבר איז שולדיג,
ווייסט דוא אבער ווער עם איז יא שולדיג?

אין דעם איז נאר שולדיג דער פסוק. א. ז. וו.

---

איין אלטיטשקער האט שטארק נאך דעם פסוק געשטרעבט
הרי את מקודשת לי,
4 ווייבער האט ער שוין לאנג איבערגעלעבט
און גענומט דיא פיפטע נאך א מיידעל דערצו.
דאס מיידעל האט דעם אלטען שטארק אויסגעבראכט
מיט א יונגען-מאן צוגעלעבט א וועלט,
פלוצים איז זיא גאר אנטלאפען בייא נאכט
און פערנעהמען זיין לעצט ביסעל געלד.

דער אלטיטשקער שטעהט געביך אויף גאנץ פריה, און גיט א קוק אוי א וועהטיג האט איהם געטראפען ניטא וואבא, ניטא געלדא, ער לויפט געביך אריבער מיט א געשרייא צום רבי'ן, רבי אזוי און אזוי האט מיר פאסירט און שולדיג איז דא קיינער ניט, וויא נאר ער און זיא, און זיא און ער. גיה שוין דוא אלטער ראקענפרעסער, ער איז ניט שולדיג, זיא איז ניט שולדיג, וואס ווייסט דוא ניט, ער איז א יונגער מאן און זיא א יונג ווייבעל, און איהר זענט שוין איין אלטער, נוא א וודאי א יונגער מאן מיט א יונג ווייבעל פערשטעהט איהר שוין אז...
אין דעם איז נאר שולדיג דער פסוק. א. ז. וו. (ביידע אב)

(אויפטריט טאבעלע)

**טאבעלע:** מען טאנצט מען פרייט זיך, אייזיקעל ווערט א חתן, קענען זייא דען וויסען אז זייער זינגען און טאנצען איז מיין קלאגען און ווייגען? איך האב געוואוסט אז איך בעגעה א פעהלער צו האבען א פער-העלטנים מיט אייזיקלען דעם ערשטען עלוי פון דער שטאדט מיט הערצעלע מיהלשטיינס בן יחיד, א מאן פון 60,000 גולדען, נוא וואס האב איך אבער געזאלט טהון? שוין א יאהר זייט ער האט מיר זיינע ליעבע ערקלערט און מיר אויך געשווארען מיך נישט צו פערלאזען. איז מיר דען פריהער נישט בעסער געוועזען איידער ער האט עס מיר ענטדעקט? איך פלעג מיר אזוי שטעהן און קוקען דורך דאס פענסטער, וויא ער געהט זיך אזוי יעדען אין דער פריה דאווינען מיט'ן תפילין זעקעל אונטערן ארעם, זיין סאלידעם געהן, זיין עדעל פנים'ל, זיין מאיעסטעטיש אויסזעהן, איך האב מיר אימער געטראכט, גאטעניוא האסט בעשאפען מענשען? פאר וואס זשע מאכסט דוא איינעם



חשוב'ער און דעם צווייטען עדריגער? איז דען דער נישט גלייך צו דיינער, וויא דעם עושר'ס? ציא איז דער קערפער נישט אזוי גוט פון ליים וויא דעם ארימאנס, וואס זיין צווישען מענשען איין אונטערשיעד? מיט וואס בעזיצט דער דעם רב'ס מעהר פון מיר? ווייל זיא איז דעם רב'ס טאכטער? און אפשר איז זיא טאקע גערעכט, דען וויא קומט א בעל עגלה צו א רב? נוא וואס זשע ווילט איהר רייכע לייט? וואס זשע זוכט איהר ניט אייערס גלייכען, פאר וואס זוכט איהר פריהער דעם ארימאנס בלוט אויסצוצאפען, אויסצוזאגען, אונז אונגליקליך צו מאכען, ווייל איהר זענט רייך ווילט איהר אז מיר זאלען אייער שפיעלצייג זיין אה איהר שלעכטע מענשען (וויינט) שוין 8 טאג איז ער בייא מיר נישט געוועזען, מיין פאטער הייסט מיר איך זאל אויך געהן אויף דיא תנאים, יא איך וועל געהן, איך וויל זעהן אז דער קאפף וואס ווייסט יא וואס א נדר אדער א שבועה איז, וועט קענען מיט זיין האנד דיא תנאים אונטער-שרייבען און נישט ציטערען, אה איך געה מיך קליידען און געה אויך.

(אויפטריט אייזיקעל לוסטיג)

**אייזיקעל:** גוטען אבענד דיר טאבעלע, וואס ביזט דוא אזוי ערשטוינט געבליעבען?

**טאבעלע:** וואס טהוסט דוא דא אייזיקעל, אין דער שעה? און אזוי פרעהליך?

**אייזיקעל:** דיא גאנצע שטאדט פרעהט זיך אייזיקעל ווערט א חתן, מען בעט צונויף דעם עולם אייזיקעל ווערט א חתן, נוא אז אייזיקעל ווערט א חתן איז ער זיך אביסעל געקומען צו זיין כלה.

**טאבעלע:** איך פערשטעה דיך ניט אייזיקעל רעד דייטליכער.

**אייזיקעל:** פאר וואס זאלסט דוא ניט פערשטעהן, מיין פאטער גיט מיר 10 טויזענד גולדען נדן, ער וויל מיך רייך מאכען, ער ווייסט נישט אז איך בין רייכער פון איהם, ער פערמאגט געלד און איך פערמאג איין אוצר. דוא ווייסט דאך אז שוין א יאהר זייט מיכל שדכן דולט מיין פאטער דעם קאפ מיט דעם שידוך מיט'ן רב, איך האב אלץ נישט געוואקט, פון דיר האב איך נאך איינסטמוייל גאר נישט געזאגט, נאר איינס האב איך זייא געזאגט אז איך וויל נישט קיין חתן ווערען, יעצט

אבער האט זיך שוין מיין פאטער מיט איהם געאייניגט, דוא ווייסט דאך אז מיין פאטער איז איין עקשן, ער האט געזאגט ער וויל היינט בייא נאכט מאכען תנאים, מוז איך איהם צו ליעב טהון און מאכען תנאים.

**טאבעלע:** נאך וואס ששע ביזט דוא אהער געקומען, האסט געמיינט איך וועל נישט וויסען ביז דוא אליין וועסט מיר נישט ברענגען די גוטע בשורה?

**אייזיקעל:** ניין טאבעלע דאס האב איך דיר נישט געקענט לאזען זאגען דורך איין אנדערען. טאבעלע וואס זאל איך טהון? טאבעלע דיין טאטע איז א בעל עגלה און איך בין אייזיקעל דער עלוי ר' הערצעלע מיהלשטיינס בן יחיד, און דוא... דוא ביזט מיין קרוין, מיין יחוס, מיין געלד, מיין אלעס.

**טאבעלע:** ביזט דוא שוין זעלבסטשטענדיג דיך אזוי אויסצודריקען? מיין פאטער איז ארים, פערדיענט קוים דאס שטיקעלע ברויט, אויך איז זיין גאנצע פרנסה וואס ער פיהרט דיין פאטערס געהילץ צום וואסער, און ווען בעהיטע גאט דיין פאטער זאגט איהם אב פון דער פורמאנקע האבען מיר דאך דאס טריקענע שטיקעל ברויט אויך נישט, וואס וועלען מיר דאן טהון?

**אייזיקעל:** טאבעלע קווהעל מיך נישט, דיין טאטענס פרנסה איז אויך נישט אבהענגיג פון א מענשען, אלעס איז בייא גאט אין דער האנד, מיר וועגען נאך גענוג יונג, ~~[illegible]~~ יאהר, פערטרויע אויף גאט, דען מיט זיוגים בעשעפטיגט זיך נאר גאט אליין און אז ער האט אונז מזווג געוועזן, וועט קיין מענש אימשטאנדע זיין אונזער בונד צו צערייסען, טאבעלע דוא ביזט מיין אויף אייביג, נאך היינט מוז איך עס מיינע עלטערן ענטדעקען, יא זייא זאלען עס וויסען, און נאך היינט זאל עס איין ענדע נעהמען!

(אויפטריט יעקעל שבת'דיג)

**יעקעל:** אה אייזיקעל דא? אין דער צייט פון די תנאים? איך האב דאך מיך אנגעטהון צו געהן צו דיר אויף די תנאים.

**אייזיקעל:** איך האב אייך אנגעשפארט א וועג, איך בין געקומען צו אייך אויף די תנאים, אייך צו פערעהרען מיט דעם טיטעל מחותן.



**יעקעל:** וואס דען האסט דוא געמיינט אז איך געה צו דיר אויף די תנאים אלס בעל עגלה? אוודאי האב איך מיך אנגעטהון ווייא א מחותן זיך צו פרעהען אויף דיין תנאים ווייא א גוטער פריינד.

**אייזיקעל:** אז איהר זענט מיר א גוטער פריינד דאס ווייס איך, און אז איהר ווילט אייך פרעהען אויף מיינע תנאים זאלט איהר אייך פרעהען אויף טאבעלעס אויך! — הערט מיך אויס ר' יעקעל, איך וועל אייך ענטדעקען א סוד וואס איז שוין בייא אונז איבער א יאהר, (חיים יואל ערבליקט אייזיקעל ציהט זיך צוריק) איהר זאלט וויסען ר' יעקעל אז איך ליעב אייער טאבעלע, זיא איז מיין גאנץ לעבען, און יעצט גיט אונז אייער ברכה, און פאר דער ברכה פון מיינע עלטערן וועל איך שוין זארגען.

**יעקעל:** קענען דען אמת זיין די ווערטער פון דעם רייכען ר' הערצעלע מיהלשטיינס בן יחיד? קען איך און מעג איך דאס גלויבען, אזא מאן וואס קען ווארפען זיינע אויגען אויף עשירות, געלד, זילבער, גרויסע מסהרים, רייכע שטיעבער? אייזיקעל! ערשטענס טהו ניט אן דיין טאטען אזא בושה, דיין טאטע וועט זיך מיט מיר ניט משדך זיין, און דאן מאך דיך ניט קינדיש און מיין קינד לאז גאט צו שיקען איהר זיווג איהרעס גלייכען. און דוא טעכטעריל מיינס געה, וועהסט דוא מיין קינד אלעס איז אמת, און דיין שטיעפמאמע האט שוין באלד רעכט.

**אייזיקעל:** יא ר' יעקעל איהר מעגט עס מיר גלויבען, א דא אין אייער געגענווארט גיב איך אייער מאכטער מיין האנד און מיין שוואור אז גיע זאל די האנד קענען ברויט פערדיענען, די האנד זאל דארפען קצבה נעהמען ווער עס וועט ברעכען זיין ווארט. ר' יעקעל אייער ~~טאבעלע איז מיין!~~

**יעקעל:** אייזיקעל דוא ביזט נאך בייא דיין טאטען אין רשות און חלילה ווען ער וועט דערפון געוואהר ווערען קענסט דוא נאך חלילה צו שאנדע קומען, און מיר אויך פון דעם ברויט ברענגען, אייזיקעל גיב א קוק, מיין טאבעלע איז יונג און שעהן, זיא הייבט ערשט אן צו בליהען, לאז זיא ווייטער בליהען, האק נישט אב איהרע יונגע יאהר,— דער ארימאן קען נישט וויסען צי דאס גוטע איז גוט, ווייל ער פערזוכט עס נישט, און האב אויף מיר אויך רחמנות, און אויב עס איז אמת

וויא דוא זאגסט, אז דוא האסט זיא ליעב? לאז זיא צו רוה וועסט דוא איהר דיא גרעסטע טובה טהון.

**טאבעלע:** ניין פאטער, אויב דוא מיינסט אז דערמיט וועט ער מיר א טובה טהון? האסט דוא א טעות! דוא זאלסט וויסען אז דיא אלע ווערטער וואס אייזיקעל האט גערעדט מיט דעם מויל, דאס אלעס ליגט ביי מיר טיעף אין הארצען, נאר מיר שוואכע פרויען ליידען אין געהיים.

**יעקעל:** טאבעלע ער איז א גביר'יש קינד, ער האט אלע תענוגים וויל ער זיך דעם תענוג מיט דיר אויך אנטהון. אבער דוא מיין קינד פערגעס נישט אז מיר אלע מיט איהם צוזאמען וועען אין דיא האנד בון דיין טאטען, טאבעלע ברענג נישט אויף אונז קיין אונגליק, אייזיקעל קען נישט זיין א בעל עגלה, וויא דיין טאטע, און ווען דיין פאטער וועט מיך פון דער פורמאנקע ארויסווארפען געהען מיר דאך אלע אויס פאר א שטיקעל ברויט.

**אייזיקעל:** ר' יעקעל וויא איז אייער בטחון? און צו וועם, צו א מענש? אל תבטחו בנדיבים בבן אדם שאין לו תשועה.

**יעקעל:** נוא און וואס וואלטסט דוא געטהון ווען דיין טאטע טרייבט דיך ארויס און איז דיך מעביר נחלה? וואס וואלטסט דוא דעמאלט געטהון?

**אייזיקעל:** טאבעלע, דיין טאטע גלויבט אין איין אבגאט, איך זאג דיר נישט מעהר טאבעלע, ציגעל טראגען צו דיא מויערען, שטיינער האקען אויף דיא גאסען, איין איינפאכער שיק-יונג צו ווערען, אבי צו פארדינען א שטיקעל ברויט פאר דיר און פאר מיר, א שטיבעל די על ה׳, אבי מיט דיר צוזאמען.

(אויפטריט הערצעלע, [illegible])

**רייזעלע:** יא, ס'איז אמת, ער איז דא הערצעלע!

**הערצעלע:** וואס טהוסט דוא דא אצינד? איך האב געשיקט צוזאמען בעטען דיא גאנצע שטאדט אויף דיא תנאים, אלע ווארטען דארט, און דוא ביזט נאר דא?

**אייזיקעל:** איך האב דאך דיר געזאגט אז איך וויל נישט זיין אויף דיא תנאים, עס שאד נישט, אז מען קען א קינד צווינגען א חתן צו ווערען



מיט דער וואס זיין הערץ גליסט נישט, קען מען מאכען תנאים אהן דעם חתן אויך!

**רייזעלע:** וואס איז דאס פאר א דיבורים וועה מיר?

**אייזיקעל:** הערט אויס מיינע ליעבע עלטערן, איך וועל אייך זאגען פאר וואס איך האב ביז יעצט נישט געוואלט דעם שידוך, איהר זאלט וויסען אז איך בין פערליעבט אין טאבעלען, און זיא איז מיין גאנצע וועלט, פאטער דוא האסט דאך נישט מעהר וויא דעם איינציגען זוהן מאך איהם בעסער גליקליך אלס אונגליקליך.

**הערצעלע:** וואס פאר א רייד הער איך פון מיין בן יחיד? ביזט דוא חלילה פון דיא געדאנקען? רעדט דאס דיין מויל? [illegible] אהיים און טהו מיר ניט אן קיין בושה דוא קענסט דיין טאטען.

**רייזעלע:** וואס זיא איז דיין קאחאנקי? זיא וואלסט דוא געוואלט פאר א כלה? אז נישט דערלעבען זאל עס דער טאטע מיט דער מאמען, אזא בושה! זאג מיר נאר דוא מרשעת, דוא האסט שוין נישט געהאט וועמען צו פערדרעהען דעם קאפ מיט דיינע צוויי קיילעכיגע רויטע שיקסע פיסקעס וויא נאר אונזער בן יחיד?

**אייזיקעל:** מוטער ערבארם דיך איבער מיר, רויב מיר נישט מיין יונגעס לעבען.

**יעקעל:** גלויבט מיר ר' הערצעלע, אז איך האב פון דעם אלעם גאר נישט געוואוסט, ערשט אין דער מינוט בין איך געוואהר געווארען.

**הערצעלע:** דוא האסט גאר נישט געוואוסט, יעקעל מיר וועסט דוא נישט פערדרעהען דעם קאפ, נאר איך האב איצט נישט קיין צייט מיט דיר צו טענה'ן, מיט דיר וועל איך האבען איין אנדערען חשבון, און דוא אייזיקעל אהיים! שנעל אהיים! און זאג מיר נישט מעהר צו דער־מאנען איהר נאמען, דען דיא מרשעת, דיא מכשפה, דיא אויס־געלאסענע חצופה, יעקעלע בעל-עגלה'טשיקעס טאכטער וועט מיין שנור ניט זיין.

**אייזיקעל:** שווייג פאטער! איהר ברענגט מיך אום דעם געדולד, איך וועל מוזען אבטרעטען פון כבד את אביך ואת אמך און אייך ניט שווייגען, ווייל זיא איז איין ארים קינד, א בעל-עגלה'ס א טאכטער נאר נישט דעם קעשינעווערס איינציקעל איז זיא שוין קיין מענש ניט?

וייל דער גראנץ פון נאלד בלישטשעט נישט ארום איהר, אונ דער קלאנג פון זילבער קלינגט נישט ארום איהר. איז זיא שוין נישט פיין אונ עדעל? זיא בעזיצט מעהר פיינקייט אונ עדעלקייט פון אייך! איך בייט נישט איהר עדלען כאראקטער פאר אייך, מיט אייער כבוד, יחוס אונ געלד! אונ זיא יעקעלע בעל-עגלה'ס טאכטער איז ביי מיר מעהר שטאלץ פון אייערע מאה רבנים! טאבעלע וויינע ניכט אין דער געגענווארט פון מיינע עלטערן אונ דיין פאטער אונ ביים אש פון דיין פערשטארבענער מוטער, אונ ביי דיין נאמען יתומה שוועהר איך דיר נאך אמאל אז ניע זאל דיא האנד קענען ברויט פערדיענען אז דיא האנד זאל דארפען קצבה נעהמען ווען איך וועל ברעכען מיין ווארט! טאבעלע דוא ביזט מיין! מיין פיר אימער אונד עוויג! אונ איהר מיינע ליעבע עלטערן איך האב אייער וואונש ערפולט אונ מאך היינט ביי נאכט תנאים, איהר מעגט מיר זאגען מזל טוב, (חאפט פין שאפע א טעלער אונ צעברעכט איהם) מזל טוב! אייזיקעל הערצעלע מיוחס בן יחיד איז היינט א חתן געווארען אונ זיין כלה איז זיין הערצענס געליעבטע טאבעלע! (אומארמט טאבעלען, אלע בלייבע ספאזיציאן).

(פארהאנג).

(ענדע דעם ערשטען אקטעס).

# II. אקט

(בייא הערצעלע, איין רייכער זאל מעבלירט מיט טישעל טהיר 2 זייטען טהירען, פון דיא קוליססען הערט מען זינגען המבדיל, ביז עס טרעט אויף חיים יואל).

**חיים יואל:** שוין! מען האט שוין אבגעזינגען המבדיל, שוין אבגעמאכט הבדלה! אבער וויא איז דער שבת צו נאכטס וואס תמיד! מיין בעל הבית געהט אריין סמוטנע, דיא בעל הבית'טע סמוטנעכע, אייזיקעל געהט ארום צעמישט... אוי איך האב גאר פערגעסען מיר אנצושמירען דאס בערדיל מיט הבדלה יויך עס זאל גיכער וואקסען, דיא וועלט זאגט אז אהן א בערדיל האט מען נישט קיין פנים פון א מאנסביל (שמירט אן) אוי! איך הער שוין וויא עס וואקסט... מען האט מיר אנגעזאגט איך זאל דא ווארטען אויף מיכל שדכן אונ איהם זאגען אז דער בעל הבית איז דא אין דער היים... הע הע! היינט טאר מען איהם נישט אבנארען אונ איהם זאגען אז דער בעל הבית איז נישטא אין דער היים ער זאל דארפען געהן צווייא מאל, היינט מוז מען איהם טאקי זאגען דעם אמת, וייל דער בעל הבית אונ דיא בעל הבית'טע ווילען ער זאל עפיס אבטהון אייזיקעל מיט טאבעלע א שטוטשקע, חיים יואל ווייסט אלסדינג... מיין בעל הבית איז וואהל, 99 מאל וואהל, ער שמירט זיך אן דיינע קעשענים מיט הבדלה יויך אונ מיינט אז דערפאר קומט איהם אלע מאל צו געלד, ער ווייסט נישט אז געלד געהט צו געלד, אונ צום ארימאן קומט צו אביון, אונ צום אביון קבצן, אונ צום קבצן בעטלער, אונ צום בעטלער דלות, אונ צום דלות שלעפער, אונ צום שלעפער קומט צו שנארער, אונ א שנארער שלאפט אין דער פינסטער. ער זינגט זיך אזוי בנעימות דעם המבדיל, אונ שמירט זיך אן דאס ביינדעל פון קארג מיט הבדלה יויך עס זאל איהם נישט פוילען אין קבר ביז משיח וועט קומען. אוי איז ער וואהל, וייל ער האט דאס ביסעל געלד אין קעשענע איז ער וואהל אונ זינגט זיך המבדיל, א וודאי ווען חיים יואל האט זיין געלד וואלט חיים יואל געוועזען וואהל אונ חיים יואל וואלט געזינגען דעם המבדיל:

№ 2

המבדיל בין קודש בין קודש לחול
ווער ס'האט געלד אין קעשענע דער איז דאך וואהל (ביס)
איינער אהן רחמנות — בערויבט דיא גאנצע וועלט,
ער טהוט אלעם אהן ישרנות, — נעמט צו יתומים'ס געלד,
ער דינגט אוים פרעמדע געשעפטען
אונ פון דעם ארימאן ציהט ער ארוים דיא קרעפטען,
דאך ווערען וועהלט מען פאר ראש הקהל?
אונ פאר א נשיא איבער ארץ ישראל
מאכט מען איהם פארט — אוי
אומעדום איז ער פול
אויך א גבאי אין דער גרויסער שוהל
אין מזרח וואנד זיין ארט.
סטייטש פרעג איך אזא רויבער, אזא גנב, פאר וואס קומט דאס איהם אזא כבוד, אומעדום איז ער כל וכל, ענטפערט מען מיר חיים יואל דוא ביזט א נאר, ווייל המבדיל בין קודש.......

---

ב'קען אויך א רייכע מויד, — דערצו קיין גוטען שם,
שווארץ, מאוס וויא דער טויט, — אונ ריהרט זיך ניט אן א נעם,
יאהרען האט זיא אויך ניט ווענינ,
א האלב שאק לויט מיין מיינונג,
פלוצים הערט מען נאר א קול,
א' דאס פריילין הייראטען זאל
א יונגען מאן איין אנטיק — אוי
געלעהרענט איז ער, יונג אונ שעהן,
אונ פון א משפחה ווער פיין,
נוא אויך וואס קען זיין דיין קוק.
איך נעהם איהם אוועק אין א זייט אונ פרעג איהם, ביזט דוא משוגע געווארען, אזא געבילדעטער שעהנער יונגערמאן וויא דוא ביזט, געהט זיך פערבינדען מיט אזא מאוס'ער צורה וואס האט שוין איבער־געווארפען חתנים אויפ'ן פוד אונ האלט שוין נאך שלשים דיא מענ



שוין לאנג הערען כלי־זמר שפיעלען, רוימט ער מיר איין שטילערהייט חיים יואל ביזט א נאר, דוא ווייסט פאר וואס איך האב מיט איהר חתונה? ווייל המבדיל בין קודש.......

---

ב'ווייס אויך פון א קהלה — וויא האבען אמאל א רב בעדארפט,
האט זיך געמאלדען איין עלוי — מיט א מח געשליפען, געשארפט,
דרשות געזאגט לויטער חקירות,
נאר נישט געהאט קיין עשירות,
פלוצים גאר פון אלדע רוחות
אונ דווקא נישט קיין מיוחס,
זוכט אויך א שטעלע אויף רב — אוי!
קענען יענעם איז ער א גראבער יונג,
אויף דרשות האט ער א שטומע צונג,
אונ דיא שטאדט נעמט איהם גאר אויף.
פרעג איך דעם ראש הקהל, סטייטש א רב דארף דאך עפים זיין א למדן, א מיוחס, אונ דער ווייסט דאך אפילו ניט ווען דער מולד איז? ענטפערט ער מיר, ער איז א רב אזוי וויא איך בין ראש הקהל, אזוי? פערשטעה איך שוין פאר וואס דאס איז ווייל המבדיל בין קודש...
אוי, וואס האב איך מיך אזוי צעזונגען לאמיך בעסער אנגרייטען דיא פייקע פאר דעם בעל הבית ווען איך זאל ניט האבען קיין סוף אויף דער פולער וואך. (שטאפט דיא פייקע מיט טאבאק).

(אויפטריט אייזיקעל)

**אייזיקעל:** חיים יואל, ביזט געווען ביא טאבעלע?

**חיים יואל:** איין אומגליק מיט דער פייקע, זיא דארף האבען 3 קארט טיטין, שטופ אונ שטופ אונ ביים קעפעל האלט עם נאך נישט, איך וואלט גיכער געקענט אויפעסען 6 קארט ארבעס איידער אנצושטופען די פייקע.

**אייזיקעל:** הער וואס מען רעדט צו דיר, ביזט געווען ביי טאבעלע? וואס האט זיא דיר געזאגט? פאר וואס קומט זיא ניט אויף דעם פלאטץ זאו איך האב זיא בעשטעלט?

**חיים יואל:** איך ווייס פאר וואס זיא קומט ניט זיא זאגט מיר נישט קיי

שום תירוץ. נור ווען איך קום איז זיא בעז, אונ מיט א בעזער שטיפט זי מיך ארוים פון דער שטוב (אפארט) דער שונא זאל אזוי לעבען צו איך געה אפילו אהין, דאס האט מיר דיא בעל-הבית'טע געהייסען אזוי זאגען אונ דערפאר וועט זיא מיך חתונה מאכען מיט טאבעלען.

**אייזיקעל:** געה נאך אמאל צו איהר אונ זאג איהר אז מיט דעם וואס זיא קומט נישט בין איך שוין האלב איבערצייגט אז מיינע עלטערן וועגען גערעכט, אונ נאך איין מאל שיק איך צו איהר, זיא זאל מיך מארגען ערווארטען 9 אוהר פריה אין יאבלאנאווסקישען פארק וויז א וויז דער מוזיק געביידע.

**חיים יואל:** איך געה איהר שוין זאגען. נור ס'איז אומזיסט, זיא וועט נישט קומען. וואס ווילט איהר א בעל-עגלה'ס א טאכטער זאל זיין פיין? שיקט איהר אייער טאטענס טויזענדער וועט זיא קומען.

**אייזיקעל:** שטיל דוא דומקאפף ווער האט דיר ערלויבט איבער איהר צו שפאסען.

**חיים יואל:** נא שפאסווע איך נישט, איהר וועט שוין זעהן שפעטער. הכלל וואס זשע זאל איך איהר זאגען? אז איהר וועט זיא דערווארטען אין מארגענדיגען פארק אויף דער יאמבעראווסקישער מוזיק לעבען נאנטען בעדיל.

**אייזיקעל:** פערד וואס דוא ביזט, אין יאבלאנאווסקישען פארק וויז א וויז דער מוזיק געביידע, מארגען 9 אוהר פריה.

**חיים יואל:** נוא איז דאס פאר חיים יואל'ס קאפף? שרייבט עס מיר אויף אויף א צעטעלע... דיא שונאים זאלען אזוי הערען שופר של משיח, וויא זיא וועט זעהן דאס צעטעלע.

**אייזיקעל:** נא אונ געה גיך אריבער אונ קום באלד צוריק.

**חיים יואל:** זאל גאט היטען, איך מוז דא זיין אונ ווארטען אויף מיכל שדכן איך זאל איהם זאגען אז דער בעל-הבית איז דא אין דער [illegible]

**אייזיקעל:** געה געה, איך וועל איהם שוין זאגען.

**חיים יואל:** אבער היינט מוז מען איהם זאגען דעם אמת מען טאר...

**אייזיקעל:** נא געה שוין דוא פערד. (חיים יואל אב) זאל דאס וואהר זיין אז זיא האט בעפיילען אז פאר 500 גולדען וועט זיא מיך נאכלאזען אונ מיר מוחל זיין? אונ דאדורך וויל זיא זיך שוין מעהר מיט מיר נים



זעהן. מיינע בריעפע צו איהר ווערען נישט בעאנטווארטעט, מיינע בעשטעלונגען לאכט זיא אויס. זיא האט טאקי געמיינט וויא דער דומקאפף זאגט, מיין טאטענס טויזענדער. נישט מיין טאטענס קינד, אה, ווען דאס איז אמת, ווענן שוין דיא ווערטער פון דער גמרא גערעכט „לעולם ימכור אדם מה שיש לו וישא בת תלמיד חכם“ נישט א גראבעניונגס א טאכטער... נאר ניין, איך וויל נישט רעדען זיא איז געווים אונשולדיג. אונ איך אורטהייל זיא אומזיסט צום שלעכטען, מעגליך פלאגט זיא דארט איהר עלענדער פאטער מיט פארווירפע, ווייל דורך איהר האט מען איהם ענטזאגט פון זיין שטעלע, מעגליך מארטערט זיא דארט איהר שלעכטע שטיעפמוטער מיט קללות אונ חרמות. אה טאבעלע ווען דאס אלעס איז א ליעגען אונ ווען דיין הערץ איז אזוי ריין מיט אמת'ער ליעבע צו מיר וויא מיין הערץ צו דיר, זא טראגע אלעס איבער מיט געדולד אונד דוא בלייבסט אויף עוויג מיין, יא טאבעלע אויף עוויג מיין. (וויינט)

(אופטריט הערצעלע, רייזעלע)

**רייזעלע:** נו מיין קינד וואס ביזטו אזוי צוגעלעגט?

**אייזיקעל:** ~~איך האב קאפשמערצען ס'האט געמוזט זיין א טשאד...~~

**רייזעלע:** אז פערטשאדעט האט זיא געזאלט ווערען פון גאט וויא זיא האט דיך פערטשאדעט אונ מיך פערטשאדעט אונ דעם טאטען פערטשאדעט. אוי! נישט אומזיסט זאגט דיא וועלט אז דורך קינדער לעגט מען זיך אין דער ערד אריין אונ דורך קינדער הייבט מען זיך ביי אין הימעל אריין.

**הערצעלע:** זעהסטו שוין אייזיקעל אז טאטע מאמע זענען קלוגער אונ מען דארף פאלגען טאטע מאמע, איצט ביזטו שוין איבערצייגט וויא דוא האסט דיך געוואלט אומגליקליך מאכען?

**אייזיקעל:** איבערצייגט נאך נישט דאס מינדעסטע.

**הערצעלע:** וועסט ווייטער זעהן אז זיא האט נישט דיך נור מיך געמיינט. זאג נור אייזיקעל לעבען, דוא געדענקסט דיא גמרא ארבעים יום קודם יצירת הולד“...

**אייזיקעל:** יא, 40 טעג איידער דער מענש ווערד געבוירען, רופט אויס

א בת קול דעם און דעם׳ס טאכטער געהער צו דעם און דעם מענשען.

**רייזעלע:** אמת אמת, עס שטעהט טאקי אזוי.

**הערצעלע:** נו פרעג איך דיך יונגער שכל, איז ארויסגעגאנגען א בת קול אז יעקעל בעל עגלה זאל גאר זיין מיין מחותן?

**אייזיקעל:** ניין טאטע, נישט אזוי האט דאס בת קול אויסגערופען, עס האט נור אויסגערופען אז טאבעלע יעקעלס טאכטער זאל זיין מיין זווג, אבער אייער נאמען איז דערביי גאר נישט דערמאנט געווארען.

**הערצעלע:** פרעג איך דיך, מיר וואס שטאמען ארויס פון לויטער רבנים האסטו אונז געוואלט צוזאמענפיהרען מיט יעקעל בעל עגלה?

**רייזעלע:** מיט אזא גראבען יונג וואס ווייסט אפילו נישט וואס יום הששי איז, צו א זכר צו א נקבה?

**הערצעלע:** זאג מיר נור בן יחיד מיינער, אשטייגער אז איך וועל שטעהן שבת אין שוהל ביים ספר און שאפען, מיט וואס פאר איין עליה זאל איך מכבד זיין דיין שווער און מיין מחותן? און פון וואנען וועט ער קומען אנצוריקען פון אויבען אן ביים האנדפאס?

**רייזעלע:** און איך דיין מאמע וועל אהיים געהן שבת פון דער שוהל מיט מיין גראבען קרבן מנחה סידור אונטער דער ארעם, מיט דער רביצין אין דער רעכטער האנד, און מיט דער דיינ׳טע אין דער לינקער האנד ווי דער שטייגער איז און ליבקע יעקעלס וועט זיך מיר געבען א שטופ אריין אין דער מיט, גוט שבת רביצין, גוט שבת אייך דיינ׳טע, גוט שבת אייך מחותנ׳יסטע, אז נישט דערלעבען זאל עס דער טאטע מיט דער מאמע אזא בושה דורך קינדער.

**הערצעלע:** וויא אזוי וואלט איך געקענט דורכגעהן די גאס אז קליינע קינדער זאלען מיר נאך טאטען מיט די פינגער, אט דאס האט אויסגעפיהרט ר׳ הערצעלע מיוחס, איך דעם לובלינערס איינ׳קעל.

**רייזעלע:** און איך דעם אפטערס.

**הערצעלע:** און איך דעם סאנערס.

**רייזעלע:** און איך דעם קאצקערס.

**הערצעלע:** איך דעם ווילנערס.

**רייזעלע:** און איך דעם הלוצקערס.



**הערצעלע:** איך דעם זאפעראוערס.

**רייזעלע:** און איך דעם מאגריווער אזויגע מיוחס׳ים לויטער סענק.

**אייזיקעל:** אמת טאטע לעבען מיר וועגען מיוחס׳ים איינע אין דער וועלט, נו א פעהלט אונז נאך יחוס? פארקעהרט לאז זיך עמיצער רייבען אין אייער יחוס, דער רב וועט דאך נישט ארום לויפען שרייען אז זיין מחותן איז א יחסן, פארקעהרט ער וועט וועלען געגען אייך שטאלצירען מיט זיין יחוס, דאגעגען יעקעלע אבער וועט ארום לויפען אין אלע גאסען און שרייען מיין מחותן איז א יחסן שביחסנים, דעם קאצקערס בראצקערס טריזקערס פיצקערס...

**הערצעלע:** הער מיך אויס איך האב אבגעלעגט אויף שבת פ׳ שקלים זמן החתונה און איך וויל פון דיר הערען דיין ווארט יא אדער ניין?

**אייזיקעל:** טאטעניוא איא דוא האסט מיך געפרעגט א גמרא, האב איך דיר געענטפערט, עפער זשע מיר דעם מדרש „הקב״ה מזווג זווגים, יושב ועושה סולמות״, מיט שידוכים גיט זיך אב גאט אליין און מאכט לייטערלעך, איינער געהט ארויף און דער אנדערער אראב, כדי דער זווג זאל קענען צושטאנדע קומען דערפאר נעמט אייך גוט דעם מדרש אין קאפף אריין און גיט אכטונג אויף די לייטערלעך.

**רייזעלע:** דער מדרש מוז נור שטעהען אין ספר הבאלגיק.

**הערצעלע:** יעקעלע׳ס חתן הער אויס וואס איך זאג דיר, איך האב דיר גענוג איבערוויזען וויא בלינד דוא ביזט, ווילסטו חתונה האבען וויא דיינע טאטע מאמע אנשטעהט איז גוט, אלא ניט שווער איך, אז איך אליין וועל דיך אוועקגעבען צום מיליטער און דארט וועסטו פארפאלען לעולם ועד, דען עס איז מיר ליעבער די בושה איידער אזא בושה! (אב)

**רייזעלע:** וואס דען דער טאטע האט נישט רעכט רעדה איז מיר. (אב)

**אייזיקעל:** צום מיליטער? זאל מיך מיין אייגענער פאטער איבערגעבען צום מיליטער? יא, ביא איהם איז אלעס מעגליך, ביא חסידים שפיעלט א קינד קיינע ראלע, דורך זייער פאנאטיזמוס און יחוס ועגען זיא מקריב זייערע קינדער וויא צו דער עבודה זרה מולך — צום מיליטער? פאר 12 יאהר קומט מען ניט אהיים, נאך 12 יאהר פערגעסט מען צו מען האט גאר אמאל געהאט אהיים, נוא? זאל איך מיך

דערפאר לאזען איבעררעדען אונ התונה האבען מיט אזיינער וואס מיין הערץ ציהט נישט צו איהר! — נוא אונ טאבעלע? זיא וועט עס געווים נישט אויסהאלטען אונ זיבער פון דער וועלט געהן, אונ דארט אויף יענער וועלט פאר דעם בית דין של מעלה פון מיר פאדערען ראבע, נקמה... אה פאטער מוטער, איבערצייגט מיר וועניגסטענס איהר פאלשעם הערץ, לאזט מיך וועניגסטענס זעהן וויא טיעף איך בין פערבלאנזעט אין דער פינסטערניש, דאן טהוט אייך מיט מיר וואס איהר ווילט. (אב)

(אויפטריט חיים יואל)

**חיים יואל:** ער וויינט ער איז פערמישט, איהר מיינט אז זיין וויינען איז נאריש ער ווייסט נישט וועמען ליעב צו האבען, גוואלד איז דאס א גאלד א בריליאנט, איך קום נעבטען אזוי אריין צו זיא איך זאל בעשטעלען יעקעל ער זאל אהער קומען, האב איך געטראפען טאבעלע שטעהן פערקאטשעט דיא ארבעל מיט א וויעבעטש שטרויא אונ האט געריבען טיש אונ בענק, איז מיר עפים אזוי געווארען אז... ווען איך געב האטש א קוש דעם וויעבעטש שטרויא וואלט איך געווען מיך דערקוויקט, איך קום אזוי אריין אונ געב אויף איהר א קוק אונ זיא אויף מיר א קוק האב איך מיך פערשעמט צו קוקען, דען מיט איהר קוק האט זיא מיר מיין קוק אוועקגענומען, מענשען, יודען בני רחמנים! איז דאס א מיידעל, בעקעליך וויא ווינטער-עפעליך, נייסליך, אונ אין דערמיט רויטליך, אפאר אייגעליך בלישטשען וויא בייא דער גרעפינס קעצעלע. איך געה אזוי צו מיר אליין אונ טראכט... גאר נישט, למשל ווען דער גוטער גאט בעשעהרט מיר אזא ווייבעלע, טרעפט מענשען וואס איך וואלט געטהון בנאמנות... גאר נישט! איך וואלט נישט געלאזט אויף איהר אביסעל שטויב פאלען, איך וואלט געארבייט וויא איין עזעל אונ איהר געגעבען צו עסען וויא א פערד, איך וואלט ארום געלאפען אין אלע גאסען אונ וואלט געשריגען... גאר נישט, איך וואלט איהר געזאגט טהו גאר נישט נור זיטץ אין דער היים אויף דעם פיעקעליק אונ פראזשע ארבעס אונ עס וויפיעל דוא ווילסט... דיא וועלט זאגט אז חיים יואל איז א נאר, אמת! וואס אמת... נור ויציב, ונכון, וקים, וישר, ונאמן, ואהוב, ויפה



אז חיים יואל איז א נאר, דען וויא אזוי בין איך נישט קיין נאר? אז פלוצים פאלט מיר איין א כלה מיט א נאמען חוה לאה; עס איז דאך נור א געלעכטער, אונ ווער ס'וועט הערען אונ זעהן וועט האבען וואס צו לאכען, למשל איך וועל אריינקומען צום דריקער בעשטעלען חתונה בילעטען, וועט ער מיך געבען א פרעג וויא אזוי הייסט איהר איך? חיים יואל, זעהר שעהן, א שעהנער נאמען חיים יואל, זיצט ר' חיים יואל. וועט ער מיך געבען א פרעג וויא הייסט דיא כלה? נוא גנה זאג איהם חוה לאה אונ לאך נישט... צו אויף דער חתונה וועט אנדאי דער מחותן דער רב זיין מסדר קדושין וועט ער געבען א לייען דיא כתובה הבתולה הכלה מרת חוה לאה, וועט זיך דער רב מיט דער גאנצער חתונה צולאכען. צו בייא א קימפעט? מען וועט דארפען מאכען א מי שבירך אין שוהל, וועט דער שמש געבען א געשרייא האשה היולדות מרת חוה לאה, וועט זיך דער שמש מיט דער גאנצער שוהל צולאכען. היינט בייא א לויה ווען מען דארף וויינען אונ קלאגען וועט זיך דער יזכור-מאכער אנידער שטעלען אונ געבען א זאג את נשמת האשה מרת חוה לאה, וועט דיא גאנצע לויה מיט'ן יזכור-מאכער מיט דיא פערד מיט'ן טויטען וואגען צולאכען אונ היינט גנה שטעל אנידער אויף דעם הייליגען ארט א מצבה מיט א נאמען חוה לאה, אז ווער עס וועט דורכגעהן זאל זיך מוזען צולאכען... ניין אונ טויזענד מאל ניין, איך וויל נישט אונ וויל נישט!... הערט אבער דעם נאמען טאבעלע! עס קלינגט גאר אנדערש. הכלה הבתולה מרת טאבעלע, א מחיה, האשה היולדות מרת טאבעלע, א פערגעניגען... אוי וועה מיר את נשמת האשה החשובה הצדקת מרת טאבעלע, אוי א קלאג אוי א געוויין... טויזענד ים המלח'ן קען מען דאך אויסגיסען בייא אזא טהייערען נאמען, אזא כשר טאבעלע, אזא טהייער טאבעלע, אזא יונגער בוים אז וועה איז צו מיר אונ איין אבטוג דעם מאן... (וויינט)

(אויפטריט חוה לאה)

**חוה לאה:** א וועהטיג איז מיר, וואס וויינסט דוא חיים יואל?

**חיים יואל:** אז וועה איז צו מיר אונ איין אבטיג איז דעם מאן.

**חוה לאה:** אבער וואס איז, ווער האט דיר עפים געטהון?

**חיים יואל:** (ערבליקט זיא, צעלאכט זיך) חַוָּה לַאָה!... דוּא בִּיזְט עָס? הַערְסְט אַ סוֹף — אַיין עֶק — אַ שָׁלוֹם צוּ אוּנְזֶער חֲתוּנָה הָאבֶּען.

**חוה לאה:** פַאר וָואס?

**חיים יואל:** אִיךְ וִויל נִיט, אִיךְ וִויל נִישְׁט מֶעהְר חֲתוּנָה הָאבֶּען.

**חוה לאה:** אָבֶּער עָס מוּז דָאךְ זַיין אַ פַאר וָואס?

**חיים יואל:** זִיא פְרֶעגְט נָאךְ פַאר וָואס? עָס אִיז דָאךְ מִיר אַ פִּינְסְטֶערֶע בּוּשָׁה פַאר מֶענְשֶׁען... וִויא אַזוֹי נֶעמְט אַ מֶענְשׁ אוּנ גִיט זִיךְ עָס אַ נָאמֶען חַוָּה לַאָה? אַדְרַבָּא פְרֶעג וָועמֶען דוּא וִוילְסְט צִי הַייסְט עֶמִיצָער חַוָּה לַאָה?

**חוה לאה:** אוּנ אַז דוּא הַייסְט חַיִים יוֹאֵל?

**חיים יואל:** חַיִים יוֹאֵל יָא, אָבֶּער נִיט חַוָּה לַאָה, עָס אִיז דָאךְ נָאר אַ גֶעלֶעכְטֶער... פְּרִיוְוט אוּנ זָאגְט עֶמִיצָער חַוָּה לַאָה אוּנ לַאכְט נִיט.

**חוה לאה:** אוּנ אַז עָס אִיז דָא פַאר דֶער שׁוּהְל דִיא שְׁוַוארְצֶע חַוָּה רָחֵל?

**חיים יואל:** חַוָּה רָחֵל, אָבֶּער נִישְׁט חַוָּה לַאָה.

**חוה לאה:** דָאס אִיז אִין גַאנְצֶען? נוּא הָאבּ אִיךְ אַיין עֵצָה וִויא אַזוֹי נִישְׁט צוּ הַייסֶען חַוָּה לַאָה, אִיךְ וָועל מִיךְ מַאכֶען קְרַאנְק...

**חיים יואל:** אִיךְ הָאבּ פַיינְד גֶעמַאכְטֶע זַאכֶען.

**חוה לאה:** אוּנ מִיר הַייסֶען אִיבֶּערְבַּייטֶען דֶעם נָאמֶען. אִיךְ וָועל מִיךְ הַייסֶען רוּפֶען אַלְטֶע, בַּאבֶּע, אָדֶער חַיָה...

**חיים יואל:** בֶּע בֶּע בֶּע, אַלְט בִּיזְט דוּא שׁוֹין גֶענוּג. אַ בַּאבֶּע פַּאסְט דִיר שׁוֹין צוּ זַיין, אוּנ וִויא אַ חַיָה זֶעהְסְט דוּא אוֹיס.

**חוה לאה:** פַאר מַיינֶע עַרְבִים וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעהָאדֶעוֶועט, אִיךְ בִּין אַייגֶענְס גֶעגַאנְגֶען אַהֶער אִין דִיעֶנְסְט, כְּדֵי דִיךְ צוּ קֶענֶען הָאדֶעוֶוען מִיט עַרְבִים, דוּא מוּזְט בְּלַייבֶּען מַיין.

**חיים יואל:** אַט הָאט זִיא מִיךְ אָבְּגֶעקוֹיפְט פַאר עַרְבִים, אִיךְ זָאל מִיט אִיהְר חֲתוּנָה הָאבֶּען, נַיין אִיךְ וִויל נִישְׁט חֲתוּנָה הָאבֶּען.

**חוה לאה:** דוּא מוּזְט בְּלַייבֶּען מַיין, אִיךְ וָועל דִיר דִיא פִּיסְקְעס צֶעפַּאטְשֶׁען אוּנ דוּא מוּזְט מִיט מִיר חֲתוּנָה הָאבֶּען. (שלאגט איהם)

**חיים יואל:** עָה מֶען לַאכְט דָאךְ שׁוֹין טַאקֶי פוּן מִיר. (טהוט אוים דעם קאפטען שלאגט זוא, ביז זיא לויפט אב, ער שלאגט פארווערטס אהנע צו זעהען אז עס איז) (אייפטריט מיכל, דאן ערבליקט ער איהם פערבליפט).



ר׳ מִיכַל אִיהְר זֶענְט עָס? וִויא זֶשֶׁע אִיז חַוָּה לַאָה? (ערשראקען) **וִיצְט ר׳ מִיכַל,** בָּרוּךְ הַבָּא ר׳ מִיכַל, אַ גוּטֶע וָואךְ ר׳ מִיכַל, **גֶעהְט נִיט אַוֶועק** ר׳ מִיכַל, דֶער בַּעַל הַבַּיִת דַארְף אַייךְ עֶפֶּיס נֶעטִהיג הָאבֶּען, **אַט גֶעה** אִיךְ אִיהְם אַרַיין שִׁיקֶען. (אב)

**מיכל:** מִילָא וִויא זֶשֶׁע קוּמְט דָאס צוּ אַ שַׁדְכָן? **אַ שַׁדְכָן אִיז אַ חוֹיב אַז דָא אִיז דָא אַ בָּחוּר אוּנ דָארְט אַ בְּתוּלָה וַייא צוּנוֹיף צוּ קְוֶועטְשֶׁען אוּנ צוּ** מַאכֶען אַיין בַּאלָג, אָבֶּער אַ שַׁדְכָן זָאל דַארְפֶען דָארְט וִויא 2 הָאבֶּען זִיךְ לִיעבּ אָנְצוּאַרְבַּייטֶען אַ קְטָטָה, דָאס אִיז שׁוֹין אַ שְׁטִיקֶעל עֲוָלָה, נָאר לָאמִיר נָאר זֶעהֶען וָואס הַייסְט אַיין עֲוָלָה? אִיךְ מוּז דָאךְ זֶעהְן צוּ פֶערְדִיעֶנֶען גֶעלְד, אוּנ דָא וָועל אִיךְ דָאךְ עֶפֶּיס פֶערְדִיעֶנֶען 4 עֲרָלַייא גֶעלְדֶער, רֵאשִׁית פַאר קַאלֶע מַאכֶען, וְהַשֵּׁנִית פַאר אַייזִיקֶעל מִיט רִבְקָה׳לֶע, וְהַשְּׁלִישִׁית וֶועל אִיךְ טַאבֶּעלֶען אוֹיסְזוּכֶען אַיין אַנְדֶערֶען חָתָן, וְהָרְבִיעִית חַיִים יוֹאֵל מִיט חַוָּה לַאָה......

(אויפטריט חיים יואל)

**חיים יואל:** דָאס רְבִיעִית הַאלְט אַייךְ ר׳ מִיכַל, דֶער בַּעַל הַבַּיִת גֶעהְט שׁוֹין אַרַיין, אַט הָאט אִיהְר דָאס בְּרִיוֶועלֶע ר׳ מִיכַל, דָאס הָאט דֶער פַּאנִיטְשׁ גֶעשְׁרִיעבֶּען צוּ דֶער פַּאנִיטְשֶׁעכֶע אַז זִיא זָאל אִיהְם דֶערְוַוארְגֶען דָארְט וִויא אִיךְ קָען נִישְׁט נָאכְזָאגֶען, אִיךְ גֶעה אַהֶער רוּפֶען ר׳ יַעֲקֶעל דֶער בַּעַל הַבַּיִת דַארְף אִיהְם עֶפֶּיס הָאבֶּען, אוּנ וַוארְט דָא אוֹיס ר׳ מִיכַל, הָאט אַ גוּטֶע וָואךְ, נָאר דָאס רְבִיעִית הַאלְט אַייךְ אַלַיין ר׳ מִיכַל. (אב)

**מיכל:** אַ גַאנְץ וואהְלֶער בָּחוּר דֶער חַיִים יוֹאֵל, עֶר אַרְבַּייט מִיט אִין גֶעשֶׁעפְט בֶּעסֶער וִויא אַ מִינִיסְטֶער — דָאס בְּרִיוֶועלֶע קוּמְט צוּ נוּטְץ, יַעֲקֶעל אַלַיין וִויל שׁוֹין אַצִינְד נִישְׁט נָאךְ לָאזֶען פַאר קֵיין גֶעלְד, נָאר דָאס שַׁאדְט נִיט, מֶען דַארְף נָאר זֶעהְן צוּ פֶערְהִיטֶען אַז דָאס פַּאר זָאל זִיךְ וַוייטֶער נִיט קֶענֶען זֶעהְן.

(אויפטריט הערצעלע)

**מיכל:** אַ גוּטֶע וָואךְ ר׳ הֶערְצֶעלֶע, [illegible] אִיךְ בִּין גֶעוֶוען בַּייא דֶער יְמָה־שְׁמוֹנֶעצֶע אוּנ הָאבּ אִיהְר אָנְגֶעטְרָאגֶען צוּ גֶעבֶּען גֶעלְד, הָאט זִיא גֶעזָאגְט יָא,

איהר הערט ר' הערצעלע יא, נאר זיא וויל אז אייזיקעל אליין זאל איהר שרייבען אז זיא זאל קומען נעהמען דאס געלד, אונ פון זיין האנד וויל זיא עס נעהמען.

**הערצעלע**: נישט מעהר? וויא אזוי איז דאס מעגליך?

**מיכל**: ביי א מיכל שדכן פרעגט איהר מעגליך צי נישט מעגליך, ווען איך זאל וועלען פרעגען אויף אזוינע זאכען וואלט איך געהייסען חלפתא בן דותא נישט מיכל שדכן. זעהט איהר דאס בריוועלע? דאס האט אייזיקעל איהר געשריעבען זיא זאל איהם ערווארטען אין פארק, חיים יואל האט עס מיר געגעבען אונ דאס געשעפט איז אבגעמאכט, טאקי דאס אייגענע בריוועלע דארף איך איהם צוריק געבען אונ איהם זאגען אז טאבעלע האט עס איהם צוריק געשיקט אונ זיא וויל נישט מעהר פון איהם קיין ליעבעס בריוועליך. נאר דאס איינע בריוועלע אז זיא זאל זיך קומען נעהמען דאס פערשפראכענע געלד וועט זיא קומען אונ מאכען איין עק, „והעיר שושן צהלה ושמחה"!

(אויפטריט אייזיקעל, רייזעלע)

**מיכל**: אט געהט טאקי אייזיקעל מיט ~~ריינעלע~~, ר' הערצעלע נאר א סאלדאט מיט קוראזש, א גוטע וואך אייזיקעל, א גוטע וואך רייזעלע אונ א גוט יאהר, השי"ת זאל אייך העלפען איהר זאלט דערלעבען חתונה צו מאכען אין א שעה מוצלחת מיט זיין אמת'ן זיווג וויא אייך אנגשטעהט, אונ פון אייער זוהן זאל ארויסקומען 12 שבטים אונ פון יעדען שבט 70 נפשות אונ פון יעדען נפש ששים רבוא יודען, אונ יעדער יוד זאל אייך געדענקען רייזעלע מיין עלטער באבע וויא מען געדענקט אונזערע היילינע באבעס שרה, רבקה, רחל, לאה, אונ עס זאל זיין צווישען יודען שמחות ובא לציון גואל, ניט אהער אביסעל בראנפען אונ לאז זיין לחיים... אייזיקעל איז דיר דאס בריוועלע בעקאנט? (ציינט איהם)

**אייזיקעל**: יא וויא קומט עס צו אייך ~~ר' מיכל~~?

**מיכל**: וואס הייסט וויא סע קומט צו מיר? זיא האט עס מיר אליין געגעבען.

**אייזיקעל**: נו וואס האט זיא געזאגט, קומט זיא מארגען?

**מיכל**: יא זיא האט געזאגט דוא זאלסט איהר מעהר אזעלכע בריוועליך



ניט שרייבען, נאר איין בריוועליל וויל זיא, דאס איז דיא 500 גולדען אונ איבער דיר מאכען דעם בר מצוה פסוק ברוך שפטרני.

**אייזיקעל**: וואס זיא וויל געלד? 500 גולדען וויל זיא פאר מיר? יא זיא האט רעכט, אה פאטער מוטער פערצייהט מיר פאר דיא שמערצען וואס איך האב אייך ביז נון פערשאפט. איך וואר לייכטזיניג אונ פערפיהרט, קומט ר' ~~מיכל~~ איך וועל אייך געבען דאס בריוועל. (אב)

**הערצעלע**: יישר כחך ר' מיכל, יישר כחך.

**רייזעלע**: ר' מיכל איהר זענט איך וויים אליין נישט וואס.

**מיכל**: וואס הייסט איהר ווייסט נישט וואס איך בין, איך בין א פויגעל.

(קנייפט זיא אין באק)

**הערצעלע**: וואס טהוט איהר ר' מיכל, א פרעמדע אשה דעם מאן אין דיא אויגען? איהר מוזט האבען דיא מאמע אין קאפ?

**מיכל**: געהט שוין געהט, אשת חבר כחבר, איך האב עס אייגענס געטהון כדי לחבבה על בעלה, עס שטעהט בפירוש געשריעבען אז מען וויל אז דער מאן זאל ליעב האבען זיין ווייב, זאל קומען איין פרעמדער אונ זאל זיא גלעטען, כדי דער מאן זאל זיא 10 מאל גלעטען, דער תנא ר' זירא אז ער איז געקומען אויף א חתונה האט ער געחאפט דיא כלה אויף דיא פלייצעס אונ האט מיט איהר ארום געטאנצט כדי לחבבה על בעלה.

**הערצעלע**: יא דעם תנא ר' זירא האט זיך אבער געדאכט אז ער טראגט א באלקען אויף דיא פלייצעס.

**מיכל**: אונ מיר האט זיך געדאכט אז איך טהו א גלעט א שטיק משי. הכלל עס ווערט שפעט לאמיר געהן נעהמען דאס בריוועלע, האט א גוטע וואך, אונ נייעך מיכל. (אב)

**הערצעלע**: א גאנץ לוסטיג יודעל דער ר' מיכל ע' ווייסט נאר ניט וואס ער האט אצינד ביי מיר דער ווערט.

(אויפטריט יעקעלע ציגעלעגט)

**יעקעל**: א גוטע וואך ר' הערצעלע!

**הערצעלע**: א גוט יאהר.— ~~רייזעלע געה גיב אכטונג, אייזיקעל זאל [illegible] ניט אוקומען. (רייזעלע אב)~~ זעץ דיך יעקעל.

**יעקעל**: וואס האט איהר נאך מיר געשיקט ר' הערצעלע?

**הערצעלע:** דוא זעהסט שלעפט אוים יעקעל.

**יעקעל:** א ודאי קען מען בעסער אויסזעהן, פון דער פיהרמאנקע האט איהר מיר אבגעזאגט, פערד אז יא, ען האב איך פערקויפט, מיין גאנץ אויסהאלטונג איז וא טאב גלע הארעוועט נעביך אזוי שווער און ביטער, נוא קען א הר ארבייט אויסהאלטען א שטוב מיט מענשען?

**הערצעלע:** נוא ווער איז דיר שולדיג, איהר זענט אייך אליין שולדיג אין דעם.

**יעקעל:** מיר זענען שולדיג? און אייער זוהן איז פטור? איז דען מיין טאבעלע געקומען צו איהם בעטען זיין ליעבע, אמת זיא האט איהם אויך ליעב געהאט, אבער זיא האט דאך קיינעם דערצעהלט.

**הערצעלע:** ווען זיא זאל געוועזען זיין א בר שכל וואלט זיא געדארפט פערשטעהן אז ער איז א נגידיש קינד און מעג זיך ערלויבען צו שפאסען.

**יעקעל:** וואס ער האט געשפאסט? איהר ווילט אייך אונטערהאלטען און מיר זאלען זיין אייערע שפיעלעכער?

**הערצעלע:** וואס דען האסט דוא געמיינט זיך מיט מיר משדך זיין? הער מיך אוים יעקעל, איך האב דיך געשיקט רופען, איך וויל מיט דיר רעדען איין ערנסט ווארט, איך גיב דיר 300 גולדען אויף נדן, און גיב דיר ארוים א כתב אז כל ימי חיי זענט איהר ביי מיר און זייא דיך משדך מיט חיים יואל'ן, ער איז א גאנץ פיינער בחור.

**יעקעל:** איהר וואגט דאס מיר צו זאגען, א ודאי ווייל איך בין ארים קענט איהר אייך שפאסען, א ודאי איך קען אייך נישט זאגען אז איך גיב אייך 300 גולדען אויף נדן און כל ימי חיי אויסהאלטען ביי מיר און נעמט חוה לאה פאר א שנור.

**הערצעלע:** וואס? וואס האסט דוא געזאגט, ביי מיר אין שטוב, בעל-עגלה! גראבער יונג, דוא האסט געוואלט דוקא זיין מיין מחותן, און דיין טאכטער מיין שנור?

**יעקעל:** וואס בין איך צי וואס איז מיין טאכטער? א פושעי ישראל? צי פון א געשמד'טער משפחה, וואס איהר זוגט אזוי וויא א פאריגע מיין בלוט און איך שוויי, איהר מיינט אז מען שאבט דייער פיש



קעבעדינגערהייט טהוט איהם נישט וועה ווייל ער שרייט נישט? גאט זאל אייך בעצאהלען פאר מיין שפיכות דמים.

**הערצעלע:** א ודאי אז דער וואָרעם קריכט אין חריין מיינט ער עס איז קיין זיסערס נישטא, וואס דוא ביזט ווילסט דוא ווייסען? א בעל-עגלה, א גראבער יונג, פון א משפחה לויטער שוסטערס, שניידערס, סטאלארעס, סאמע בעל-מלאכה'ס, ימח שמם זאלט איהר ווערען.

**יעקעל:** (שטעהט אויף אויפגערעגט ביז אין מיטען דער ביהנע) ווייס? א בעל-מלאכה איז ביי אייך קיין מענש ניט, ווייל ער איז ארים איז ער קיין מענש ניט? איהר זענט מענשען ווייל איהר האט געלד? איהר, וואס טהוט נישט א האנד אין קאלטען וואסער, וואס פרעמדע מענשען הארעווען אויף אייך אזוי שווער און ביטער דערמאלט ווען עס דונערט און בליצט, שטורמט און רעגענט אין דרויסען, זיצט איהר אייך פערמאכט אין אייערע שעהנע ווארעמע סאלאנען, און איך בין דערמאלט אייגער אליין אויף דעם פיסטען פעלד, דאס לעבען איינגעשטעלט אין א סכנה יעדען אויגענבליק, איך וואס ארבייט אויף מיינע 6 שיין א וואך מיט בלוטיגען שווייס, הייס איך גאר קיין מענש ניט? ניין און טויזענד מאל ניין, דער ארבייטער, דער בעל-מלאכה איז מעהר מיוחס פון אייך, ער הארעוועט שווער אויף זיין טריקען שטיקעל ברויט, מיט דעם שווייס פון זיין קערפער, מיט דער קראפט פון זיינע צעהן פינגער, און איך שטאלציער אויף מיין ארימער משפחה פון ערליכע בעלי-מלאכות מעהר וויא אויף אייך מיט אייער רייכטהום, יחוס, כבוד און געלד!

(אויסטריט טאבעלע)

**טאבעלע:** פאטער דוא ביזט דא?

**יעקעל:** וואס טהוסט דוא דא מיין קינד, קום לאמיר נישט מטמא זיין זיינע סאלאנען.

**טאבעלע:** ניין פאטער איך וויל נישט געהן ביז איך וועל נישט ערהאלטען מיין לאהן דעם פרייז וואס אייזיקעל האט פאר מיין הערץ בעשטימט.

**הערצעלע:** זעהסט דוא מיין קינד, דוא ביזט קליגער פון דיין טאטען, ערפאר זאלסט דוא אויך בעלאהנט ווערען, איך וועל דיר געבען 500 גולדען אויף נדן און גאט זאל דיר צושיקען דיין אמת'ען זיווג.

ועהסט דוא מיין קינד איך געה מיט יושר און פערצייהע דיר דיין בעהעלער. (לעגט אויפין טיש דאס געלד).

**טאבעלע:** איך בין בעגאנגען א בעהעלער און איהר געהט מיט יושר? אייער קינד איז געקומען צו מיר, מיין קאפ פערדרעהט, מיינע געדאנקען פערמישט, ביי מיין אלטען פאטער גערויבט זיין קינד, ביי מיין מוטער איהר אנגענומען, דען אהן אייזיקעל איז מיין וועלט אונטער-געגאנגען, מיין ליכט אויסגעלאשען, איהר רויבט מיר מיין לעבען עפענטליך אין מיטען העלען טאג, געהט איהר נאך מיט יושר? (נעמט אין דער האנד דאס געלד) דעם פרייז האט איהר בעשטימט פאר מיין גערויבטעס הערץ און ערמארדעטעס לעבען? אונמענשען וואס איהר זענט, איהר רויבט ביי מיר איין שאטץ און בעצאהלט מיר מיט 500 גולדען? פערמאגט איהר דען אין אייער פערמעגען אזא רייכטהום אום מיר צו בעצאהלען? הא הא הא! זעהט! זעהט וואס דאס איז ביי מיר. (צערייסט דאס געלד, פויזע) שוין, איך האב שוין מיין לאהן ערהאלטען, מיט דעם געלד האט איהר אייער וואהן צוריק געקויפט, איהם בין איך מוחל, אבער פון אייך זאל מיין טויטע מוטער דארט אין הימעל פארדערען ראכע, נקמה פאר איהר אומגליקליכע עלענדע יתומה!!

**הערצעלע:** שווייג דיא אויסגעלאסענע, דיא מרשעת, דוא וועסט קיינעס נישט מעהר פערדרעהען קיין קאפף, אייזיקעל קען דיך שוין צו גוט, פאלג מיך נעהם דיר דאס געלד און געה דיר פון דאנען, איידער אייזיקעל וועט אריין קומען, געה, געה דיר פון דאנען, ארויס!

(אויפטריט אייזיקעל)

**טאבעלע:** אייזיקעל שיטצע מיך.

**אייזיקעל:** פארט פון מיר, דוא וואגסט נאך צו מיר צו צוגעהן, פארט פון מיר דוא מערדערין, דוא האסט מיר מיין לעבען גערויבט, מיין פערשטאנד פערמישט, פאר וואס? ווייל איך בין ר׳ הערצעלע מיהלשטיינס בן יחיד? דאס גאלדענע קאלב איז דיר געפעלען?

**טאבעלע:** אייזיקעל!...

**אייזיקעל:** שווייג! ערוועהן נישט מעהר מיין נאמען אויף דיינע אונריינע טרפה׳נע ליפען, דיא ליפען וואס האבען מיט שקר מיט בעטרוג מיין



גאנץ לעבען בעדעקט, גאט זאל דיך אזוי פערשעהמען און צו בושות ברענגען וויא דוא האסט מיין נאמען געשענדעט... פארט פון היער, איך וויל מיט דיר אונטער איין דאך נישט זיין, פאטער שיטצע מיך פאר דער פאלשע קאטץ און בעזע ווילדע שלאנג, פארט איהר עלענדעס גראבעס געזינדעל. פאטער! (אומארמונג)

**טאבעלע:** פאטער! (פאלט אויף יעקעלס ארעם)

(פארהאנג.)

(ענדע דעם צווייטען אקטעס.)

# III. אקט

(צימער בייא יעקעלען וויא אים ערשטען, יעקעל זיצט ביים טישעל).

יעקעל: נאט זייא דאנק דיא איז אביסעל אנטשלאפען געווארען, איז זיז דיא שלאפט, שלאפט דיא דען? נור דיא ווייגט אויסען שלאף, א תל האט מען מיר געמאכט פון מיין איינציג קינד, דיא האט שוין נעביך קיין כח אויף איהרע פיס ארום צו געהן, און דא איז דיא יעצט מיין גאנצע שטיצע, איהר שטיקען און נעהען איז מיין גאנצע פרנסה, יעדעם שטיקעל ארבייט איז אויסגעווייקט מיט שווייס פון איהרע קרעפטע, נאס בעווייגט פון איהרע טרעהרען, בייא נאכט לאזען דיא איהרע שרעקליכע חלומות ניט שלאפען, בייא טאג טריקענען ניט איהרע אויגען פון טרעהרען, איך האב נאר מורא זיא זאל חלילה נישט פון דעם ווערען ארגער. רבש"ע, אפשר איז מיין קינד חלילה עפיס בעשעהרט, נעהם מיך פאר איהר, זיא איז יונג און שעהן, האט נאך א האפנונג צו לעבען און גליקליך צו זיין, אבער איך? וואס טויג איך נאך שברי כלי? וואס דרעה איך מיך נאך ארום אויף דעם עולם התהו?

(אויפֿטריט ליבקע)

ליבקע: יעקעל, דוא ביזט דא יעקעל?

יעקעל: ששש... לאז זיין אביסעל שטילער דיא איז קוים אנטשלאפען געווארען!

ליבקע: ווער שרייט דען? יעקעל דאכט זיך מיר דוא ווערסט משוגע, הא? ועהסט אז מען פאלגט נישט א ווייב; נוא הערט מענשען צי איז דאס נישט צום לאכען, פלוצים פאלט איין א מויד אייזיקלען פאר א חתן, ר' הערצעלע מיהלשטיינס בן יחיד, ווייסט איהר דען ווער דער ר' הערצעלע איז? דער גרעסטער מיוחס, ראש הקהל, גבאי אין שוהל, [illegible] ישראל, פרנס חודש, און אז איך האב תמיד געשריי'ען שיק דיא אוועק צו אלדע שווארצע יאהר דיענען, וואס וואלט איזט איצט געווען געפעהלט? און טאקי דיא אליין וואלט אויך ניט געווען



געליטען, ניין! איז ער מיך בעפאלען וויא א משוגענער הונד, ווארום איך בין דאך א שטיעפמאמע, און וואס א שטיעפמאמע זאגט מיינט זיא דאך אלדינג צום שלעכטען.

יעקעל: ליבקע וואס ווילסט דוא פון מיר? איז ווענינג וואס שוואכערהייט הארעוועט דיא נעביך אזוי שווער און ביטער און האלט אונז אויס, און לאזט אונז אפילו נישט פיהלען אז דיא ארבייט פון אונזערט וועגען, דוא וואלטסט דאך בעדארפט צו וואשען איהרע פיס און טרינקען דאס וואסער, עקסט דוא איהר נאך צום איבריגען איהרע יאהר?

ליבקע: ווער וואלט דען בעדארפט איהר ארבייט? אויף תשעה ניינציג כפרות, דורך וועמען איז דען דאס גאנצע אומגליק געקומען, ווען נישט דורך איהר?

יעקעל: ליבקע איך בעט דיך זייא פארט שטיל, דיא איז קוים אנטשלאפען געווארען.

ליבקע: ווער שרייט דען?... איך וויל נאר איינס, זאלסט מאכען איין עק איך וויל נישט איהר הארעוועען, יאג דיא אוועק, אדער פיהר דיא אוועק אין מיינעם הויז ארויס, און דוא זאלסט אריבער געהן צו ר' הערצעלע און איהם פאלען צו דיא פיס און איבערבעטען און......

יעקעל: וואס? איך זאל געהן בעטען דעם עוכר ישראל ער זאל מיר געבען פרנסה? ער איז נישט מיין גאט, און ווען איך זיים מיין נשמה זאל מיר אויסגעהן פאר א שטיקעל ברויט און איך דארף מיך אוועקלאזען אין דער וועלט אויפצושטעלען מיין האנד צו פרעמדע מענשען נאך נדבות, און זיין טרפה'נע צורה וויל איך מעהר נישט אנקוקען, איבערהויפט מיין גאט לעבט נאך אין הימעל אזוי גוט וויא זיינער.

ליבקע: נוא וויל איך זאלסט מיך גט'ען, איך וויל מיט אייך ניט שטארבען פאר הונגער, פגר'ט אייך אליין הערסט דוא יעקעל, נאך היינט וויל איך גט, איך געה מיר צוזאמען נעהמען אלע מיינע זאכען, און נאך היינט זאלסט דוא מיך גט'ען.

יעקעל: ועהסט דוא דאס פאר אלעמען, איך האב אבער מורא דוא זאלסט חרטה האבען ביז צום רב, ווייסט דוא וואס, געהען מיר צום מגיד, ער מאכט עם איינס, צוויא.

ליבקע: איך וועל מיר שוין צוזאמענפאקען מיינס אלסדינג, און אזוי וויא

עס ווערט נאר טאג געהען מיר זיך גט'ען און פגר'ט אייך אליין פאר הונגער. (אב)

**יעקעל:** צרות איבער צרות האט מיר גאט אנגעשיקט, אוי רבש"ע!

אויפטריט מיכל.

**מיכל:** א גוטען אווענד ר' יעקעל!

**יעקעל:** א גוט יאהר, ברוך הבא ר' מיכל שדכן א גרויסער כבוד, וועמען זעה איך ביי מיר אין שטוב, ר' מיכל שדכן?

**מיכל:** וואס פרעגט איהר, עס זאל אייך טאקי מאכען כבוד אז ר' מיכל שדכן קומט צו אייך, ווארען איהר ווייסט דאך אז מיכל שדכן קומט נור אין די גרעסטע הייזער, נור אזוי וויא איך בין דאך עפיס א שטיקעל שטאדט-שמש אויך, און אזוי וויא פערשטעהט איהר מיך הרב הנגיד מה"ר ר' הערצעלע מיזעס מאכט היינט חתונה מיט הרב הצדיק דפה האט ער מיר געגעבען א בעפעהל איך זאל דאס גאנצע שטעדטעל צוזאמען רופען אויפן בעדעקענס, נישט מאכען קיין חולק פון גרויס ביז קליין, פון ארים ביז רייך, דערפאר בין איך אייך גע־קומען בעטען איהר זאלט אויך קומען ווארען עס ווערד באלד שפעט.

**יעקעל:** אייך א שיינעם דאנק ר' מיכל, נור איהר האט א טעות, דאס גאנצע שטעדטל האט ער איינגעלאדען טאקי געהייסען בעטען, נור מיך האט ער א ודאי נישט געבעטען.

**מיכל:** יאה יאה, ער האט מיר אויסדריקליך געזאגט איך זאל צו אייך אריבער געהן און אייך בעטען צום בעדעקענס, וואס מיינט איהר אז ר' הערצעלע איז עפיס א פראסטער מענש? ער האט אייך שוין לאנג אלסדינג מוחל געווען און איה"ש תיכף נאך דער חתונה וועל איך ביי איהם פועלען אז..

**יעקעל:** מוחל, מוחל! נור זאגט ר' הערצעלע אז איך האב איהם גע־האלטען פאר א קלוגען מענשען, ער שיקט מיר זאגען אז היינט איז ביי זיין זוהן די חתונה, דאס הייסט מיר צו שיטען זאלץ אויף מיינע וואונדען, זאגט איהם אז איך בין טאקי א גראבער יונג, אבער איך גלויב אין גאט טאקי נישט מעהר ווי א גראבער יונג אזוי וויא מיין טאטע האט מיך געלערנט אז עס איז דא א גאט וואס ווארט לאנג און צאהלט גוט. זאגט איהם אז זיין ווייב ריזעלע טאנצט שוין ...



אייזיקעלס חופה אבער אין די זאקען, און ער אליין ווייסט אויך נישט וואס מארגען וועט זיין.

**מיכל:** לויט אייערע דיבורים פערשטעה איך אז איהר ווילט אויף דער חתונה נישט געהן, נור אלס איינס בין איך דאך שוין דא, און איהר ווילט עס דאך האלטען פאר א כבוד אז מיכל שדכן איז צו אייך געקומען וועל מיר טאקי רעדען מכח 18 און 15 — מילא אייזיקעל איז דאך מאקי געווען שטותים, ווארען וויא קומט דער קרבן צו דעם חורבן? — נאר איך וועל אייך רעדען א גלייכען שידוך אזוי וויא פאר אייך פאסט, ר' יעקעל איך וועל אייך געבען א גוטען א וואהלען א פיינעם חתן. פאלגט מיך זייט אייך משדך מיט חיים יואל'ן...

**יעקעל:** (וויטהענד) חיים יואל'ן?... עס איז מיר טאקי א גרויסער כבוד אז מיכל שדכן איז צו מיר געקומען, און מיכל שדכן רעדט מיר א שידוך, נור ווען איך דאנק נישט גאט וואס מיין קינד איז קוים אנשלאפען געווארען, און וויל נישט אנמאכען קיין געשריי, וואלט איך אייך ארייננגעווארפען א פאר בעל־עגלה'שע פעטש אז איהר וואלט געוואוסט וואס כבוד הייסט, וויאזוי אין דער ערד אריין מיט'ן קאפף צו אלדע שווארצע יאהר, וויאזוי! (שלאגט איהם מיט'ן פיס זא לאנג ביז מיכל אב)

(אויפטריט טאבעלע מיט א ליכט).

**טאבעלע:** טאטע לעבען וויא שפעט וועט יעצט זיין?

**יעקעל:** עס איז שוין נאך 7,

**טאבעלע:** איך בין לאנג געשלאפען?

**יעקעל:** ניין מיין קינד, אפשר א שעה.

**טאבעלע:** דאס גוטע וויל דאך לאנג נישט דויערען, אך וויא גיכט מען צוריק די שטונדע, וויא זים וויא אנגענעהם דאס איז געווען:

**יעקעל:** פלאנטאזירסט שוין ווידער מיין קינד, זעה נור דוא האסט מיך שוין גרויא און אלט געמאכט, דוא נעמסט דיר דאס לעבען און דערמיט ערמארדעסטו דיין אלטען טאטען.

**טאבעלע:** ניין פאטער, איך פאנטאזיר נים, הער אוים וואס איך האב אלץ אין דער איינער שטונדע געזעהן, עס האט זיך מיר אויסגעדאכט עס איז א ווינטער נאכט, אין דרויסען איז שרעקליך קאלט, דער שנעע

האט קלאהר געמאכט די שווארצע ערד, דער פראסט נעמט דורך יעדען מענשען מיט א פוילער קעלט. איך בין מיר געזעסען ביי דער מאשין און גענעהט, איז אנגעקומען מיין מוהמע און געשריגען צו מיר „ווי לאנג וועלען מיר נאך ליידען דורך דיר, ווי לאנג וועלען מיר דורך דיר הונגערען". זי האט מיך געזידעלט געשאלטען און מיט א געשריי איז זי ארויס פון דער שטוב. דינען זאל זי געהן און מיך וויל זי דא אין שטוב נישט האבען, איך בין מיר געבליבען אליין און געטראכט, מעגליך וואלט איך רעכט געווען איך זאל אוועק פון דער היים, פון דער שטאדט, נישט צו זעהן די צרות ווי ביים חורבן ירושלים אין שטוב מארטערט מיך דער הונגער און אויף דער גאס דער טויט. איך וואר שוין ווי פעסט ענטשלאסען נור אוועק — פלוצים איז פאר מיר ערשינען דאס בילד מיינער מוטער, און דיך האט זי געהאלטען ביי איין האנד און מיט די ווערטער האט זי מיר געזאגט, ניין מיין קינד, טהו דאס נישט דיינען עלענדען פאטער דען דערמיט ברענגסטו איהם פאר א קרבן, ניין האט זי מיט א צערטליכער שטימע געשריגען, קום מיין קינד און זעה דיינע צוקונפט, און מיט דער צווייטער האנד האט זי געעפענט א טהיר און געזאגט זעה מיין קינד וואס דארט טהוט זיך, איך בין ראנגזאם צוגעגאנגען און העהר פאטער וואס איך האב דארט געזעהן (עס הייבט זיך אויף איין בילד סדר נאכט, רייכער זאאל געדעקטער טיש. הערצעלע, אייזיקעל אין קיטעל דאס קינד נעבען איהם, חיים יואל חוה לאה אין דער צווייטער זייט, מוזיק שפיעלט מעלאדראמא, זיא רעד) איין שעהן רייכעם צימער מיט גאלד און זילבער דיענערשאפטען, איין סדר איז געווען געמאכט, דוא ביזט געזעסען נעבען ר' הערצעלע מיהלשטיין זעהר רייך געקליידעט. אייזיקעל איז געזעסען נעבען מיר, און איך האב געהאלטען א קינד אויף די הענד, אייזיקעל האט מען גערופען רב און מיך רבי'צין און דאס קינד האט מיר די מוטער געזאגט, דאס איז נישט דיין קינד דאס איז א פרעמדס, דוא ביזט א שטיעפמאמע זיינס דאס איז א יתומ'ל מיין קינד, א יתומ'ל טאר מען ניט דערצערנען, דען גאט איז זיין פאטער און מוטער, איך האב דאס קינד צוגעדריקט צו מיין ברוסט און עס געקישט און געוויינט און געשווארען דאס קינד צו ליעבען מעהר ווי מיין איינענס,



דען איך ווייס ווי שווער און ביטער עס איז דעם עלענדען יתומ'ל — יעצט מיין קינד האט מיר די מוטער די לעצטע ווארטע געזאגט ליידע, שווייגע, און האפע (בילד פערשווינדעט) חה חה האפען אויף א חלום און אויף וועמען? אויף אייזיקעל וואס געהט היינט צו דער חופה! היינטע איז זיין פריידענטאג, אבער פון מיר ווערט ער געצוואונגען צוריסען, היינטע איז דער טאג וואס מאכט א שווערע גרענצע צווישען אונז — נוא געה, געה אין א מזל'דיגער שעה איך וואונש דיר קיין שלעכטס. (וויינט)

יעקעל: קינד מיינס, איינציגע טרויסט, האב רחמנות אויף דיין אלטען טאטען און טרייב איהם ניט אין דער ערד אריין ביז ער וועט נישט זעהן דיך פארזארגט, דוא ביזט שוואך איך בעט דיך געה לעג דיך שלאפען, איך געה דיר צורעכט מאכען דאס געלעגער און געה שלאפען מיין קינד (אומארמט זיא וויינענד) קינד מיינס מיין טהייערע טרויסט (אבגעהענד) רבש"ע פאר וואס שטראפסט דוא אזוי דעם ארימאן? (אב)

טאבעלע: א יתומה בין איך, מיינע מוטער אין קבר, נור דעם אלטען קראנקען טאטען געטענא ווי איז דיין שבועה וואס דוא האסט געשווארען אז דוא ביזט איין אבי יתומים, מיינע מוטער האסטו פון מיר אזוי יונג צוגענומען, איך בין עלענד ווי א שטיין, קיין ברודער קיין שוועסטער, נישט דא פאר וועמען דאס הארץ אויסצו־רעדען, מיר עלענדען אומגליקליכען, אך ווי שווער און ביטער איז דעם עלענדען יתומה'לע.

אבי יתומים.

I.

אך ווי שלעכט און ביטער
איז דעם עלענדען נשמה'לע,
אז עס שטארבט אוועק די מוטער,
און מען בלייבט א יתומה'לע.
פרעמדע מענשען רייסען די הויט
גאר אהן רחמנות,

א שטיעפמאמע מאכט דעם טו"ב,
שלאגט גאר סכנות.
און דוא פארשטעלסט דיר דיינע אויערן,
גוטער שוכן במרומים,
וויא איז דיין שבועה וואס דוא האסט געשוואוירען (ביס)
אז דוא ביזט איין אבי יתומים.

II.

מיט קעלט, נויט און הונגער
געהט דאס יתומ'ל ארום,
א יעדער שעצט דאס גרינגער,
וויא דאס קומט אומעדום.
געה נאקעט מענגסט דיך פארקיהלען,
עס וועט דיר גאר ניט שאטען,
נישטא דיא מאמע זאל דאס פיהלען,
זיך פאר דעם קינד אויסבאטען.
אוי מיין מאמען האב איך פארלוירען,
גוטער שוכן במרומים,
וויא איז דיין שבועה וואס דוא האסט געשווארען (ביס)
אז דוא ביזט איין אבי יתומים.

III.

מיט א געלעגער אהן א קישען
מוז דעם קאפ שפארען אין דער וואנד,
קיין ביסעל געקעכטץ דאס הארץ צו ערפרישען
תמיד צו שפאט און צו שאנד.
אין גרעסטען בראסט זיך דערוואַרמען,
לאזט איהם קיינער נישט אריין,
נישטא דיא מאמע זאל זיך ערבארמען,
צו זאגען עס זאל מיר פאר דיר זיין.



אוי מיין מאמען האב איך פארלוירען,
גוטער שוכן במרומים,
וויא איז דיין שבועה וואס דוא האסט געשווארען (ביס)
אז דוא ביזט איין אבי יתומים.

IV.

דערצערענט ניט א יתומה,
האט גאט שטרענג געשריעבען,
דען פאר דעם דיא נקמה,
איז מיר אליין געבליעבען.
דיא טאטע מאמע האב איך ביי מיר
און זעהען צו דעם קינדס טרעהרען,
און ווייגען מיט אהן א שיעור,
ביז איך גאט מוז צוהערען.
א יתומ'לס קלאגען געהט ניט פארלוירען,
פאר מיר שוכן במרומים,
ווייל איך גאט האט איהם צוגעשווארען (ביס)
אז איך בין איין אבי יתומים.

(זעצט זיך צום טיש נאכדענקענד).

אויפטריט אייזיקעל.

(געהט צו איהר צו ריהרט זיא אן, זיא ערשראָקען). מיין גאט וועמען זעה איך? איז דאס ווייעדער איין טרוים? אדער וויא מיין טאטע זאגט איך פאנטאזיער?

**אייזיקעל:** טאבעלע!

**טאבערע:** וואס ווילסטו יעצט ביי מיר. ביזט געקומען ראבע נעהמען אין מיר? ביזט מיר געקומען דערצעהלען אז דוא געהסט באלד צו דער חופה, איך ווייס איך ווייס...

**אייזיקעל:** טאבעלע, איין ווארט הער פון מיר יעצט.

**טאבערע:** איין ווארט זאל איך פון דיר הערען? אה איך האב שוין אמאל געהערט פון דיר איין ווארט, און דאס איינע ווארט האט מיר מיין לעבען פערביטערט, מיין וועלט פערוויסט, זאג וואס ווילסט יעצט פון מיר?

**אייזיקעל:** טאבעלע!

**טאבעלע:** יאה, איך וועל דיר יאה ערלויבען מיט דיינע ליפען צו דערמאנען מיין נאמען טאבעלע.

**אייזיקעל:** שטיקעל מיך נישט טאבעלע. גלויב מיר איך האב ביז נון געקעמפפט, געמיינט מעגליך וועל איך דיך נאך קענען בעזיצען, טאבעלע אין גאט איז מיין צייגע וויא ווייט איך האב געקעמפפט, מיינע מוטער איז פלעצליך געשטארבען, מיין פאטער דיא פאמיליע, דיא גאנצע שטאדט מאכען מיר פארווירפע אז נור דורך דיזע שמערצען איז מיינע מוטער געשטארבען, מיין פאטער שרייט צו מיר יעדען טאג, דוא האסט דיין מוטער געטריבען אין קבר, און מיך וועסטו אויך פון דער וועלט טרייבען פאר דער צייט. בעדענקען טאבעלע דאס בילד פון מיינער מוטער שוועבט מיר אימער פאר מיינע אויגען און שרייט צו מיר אין טרוים אויך ווען איך בין וואך, דוא, דוא ביזט מיין מלאך המות!

**טאבעלע:** דאס בילד פון דיינער מוטער שטעהט דיר פאר דיינע אויגען וואס דוא האסט זיא נישט ערמארדעט, און מיין בילד וואס דוא ווייסט גאנץ גוט אז נור דוא ביזט מיין מערדער, שטעהט דיר נישט פאר דיא אויגען, נוא וואס ווילסטו, נאך וואס ביזטו יעצט אהער געקומען?

**אייזיקעל:** טאבעלע! יעצט אין דיזער שטונדע געה איך צו דער חופה, דיא גאנצע וועלט פרייט זיך מיט מיין קניה, אלע הערצער וועגען לוסטיג פרעהליך, נור מיין הערץ איז איבערגעצויגען מיט א שווארצער דעק וואס מען דעקט איבער דעם ארון פון א מת — זא וויא אומגליקליכע פאסאזשירע אויף איין דאמפפער אין מיטען שטירמישען מעער וואס דער שיפסקאפיטאן שרייט צו זייא, מיינע ליעבע פאסאזשירע רעטעט איך שנעל דאס שיף ברענט, און וויא זאל איינעגטליך דיא רעטונג זיין? צו אין וואסער צו שפרינגען דיא וועלען זאגען דיא פערשלינגען מיט זייערע שרעקליכע קולות, צו אין פייער פערברענט צו ווערען אזוי ווערט יעצט מיין קאפף צו שאסען, צו זאל איך גיהן געבען חופה וקידושין דער וואס מיין הערץ וויל נישט. צו... (גייט אוועק) טאבעלע זעה מיינע מוטער שרייט צו מיר

טאבעלע גייט ווייטער



מערדער, געה צו דער חופה דען דיין טאטע וועט אויך דורך דיר פון דער וועלט געהן — געה געה מוטער, איך פאלג דיך, איך געה! איך קום אבער באלד צו דיר, וויר וועהען אונז באלד (לאזט זיך לויפען, בילד פערשווינדעט טאבעלע האלט איהם צוריק).

**טאבעלע:** ניין ניין אייזיקעל דוא זאלסט גאר נישט טהון, נור געה אין א מזלדיגער שעה צו דער חופה. (וויינט).

**אייזיקעל:** וואס טאבעלע דוא ווינשט מיר גוטס? טאבעלע דוא ביזט מיר מוחל? אה טאבעלע פערצייהע דוא מיר וועל איך ווענינגסטענס בערוהיגט זיין, דען דער געדאנק פלאגט מיך זעהר, אה טאבעלע, בערעכען מיינע טרויריגע לאגע.

**טאבעלע:** איך זאל דיר מוחל זיין? און דאס ביזטו געקומען יעצט פאר דער חופה? און ווען מיין מויל זאל דיר שוין זאגען איך בין דיר מוחל, קען עס דען דאס הערץ וואס דוא האסט אזוי אהן רחמנות צעבראכען מיינען ערענסט? קען איך דיר מוחל זיין מיין אלטען קראנקען פאטערס יאהרען וואס ווערען דורך דיר געקערצט פון טאג צו טאג? ניין! איך קען ניט זאגען מיט'ן מויל דאס וואס איך מיין נישט מיט'ן הערצען — ניין, איך בין דיר נישט מוחל! קיין חן זאלסטו האבען ביי מענשען ווען דוא וועסט דארפען א גמילת חסד, דיין פנים זאל זיין מיט שווארצען בעדעקט, דיין גאנצעס לעבען לאנג וויא דוא האסט מיין פנים פערשווארצט. מיין טאטענס ביטערע עלטער זאל דיך פלאגען ביז אין גרוב, מיין מוטערס קערפער זאל נישט רוהען אין קבר, ביז זיא וועט נישט נעהמען פון דיר ראכע, נקמה...

**אייזיקעל:** האלט איין! אה טאבעלע האב רחמנות, מארטער מיך נישט אזוי, יא דוא ביזט גערעכט, מיט דיינע קללות וועל איך צו דער חופה נישט געהן, אבער צו מיין קבר זאלען זייא מיך בעגלייטען, יאה מארגען זאלען דיינע קללות האבען מקוים געווארען, אדיע טאבעלע, אדיע. (וויל אב טאבעלע פערהאלט איהם)

**טאבעלע:** וואס האסטו געזאגט אייזיקעל? מארגען זאלען מיינע קללות האבען מקוים געווארען, ניין איך וויל עס נישט ערלעבען, גאטעניא ליעבער פאטער אין הימעל, נעהם צוריק דיא קללות וואס איך האב אין מיינער פערצווייפלונג אויסגעשפראכען, און קללות פון א

וואַהרשיינליך קענען נישט קיין קיום האָבען, גערה אַייזיקעל, גערה אין אַ מזל׳דיגער שעה, עס זאָל דיר ניע שלעכטעס געשעהען, אין גליק זאָלסטו אִבלעבען דיינע יאָהרען, עושר און כבוד זאָל דיר ניע פעהלען, איך בין דיר מוחל, איך בין דיר מוחל, אַייזיקעל!

**איזיקער**: טאַבעלע! (ביידע אומארמען זיך 3 מאל, ביידע וויינען, אייזיקעל אב).

(אויפטריט יעקעל).

**יעקעל**: טאַבעלע דאַכט זיך מיר אַז אייזיקעל איז איצט פון דאַנען אַרויס-געגאַנגען, צי גערה איך אַרום אויף דעם עולם התוהו?

**טאבערע**: ניין פאַטער עס איז קיין עולם התוהו, ער איז דאָ געווען.

**יעקעל**: וואָס האָט ער איצט דאָ צו טהון?

**טאבערע**: ער איז צו מיר געקומען פאַר דער חופה מחילה בעטען.

**יעקעל**: נוא וואָס האָסטו איהם געזאָגט?

**טאבערע**: איך האָב איהם מוחל געווען און געווינשען מז״ט, און איהם נאָך מיין ברכה געגעבען.

**יעקעל**: האָסט גאַנץ גוט געטהון טאָכטער מיינע, דוא האָסט אַיין עדעל הערץ איך בין שטאָלץ מיט דיר.

**טאבערע**: ...וואָס איך האָב גוט געטהון מיינען מערדער גוטס צו ווינשען ניין, איך האָב חרטה! פאַטער שנעל גיב מיר מיין מאַנטעל, איך וויל אַהין געהן — יעצט שטעהט ער אונטער דער חופה, און מיינע ברכות קלינגען איהם אַזוי זאַנפט אין דיא אָהרען, ניין איך וויל איהם נישט מוחל זיין, פאַטער איך וועל אַהין לויפען, און דאָרט ביי דער חופה וועל איך איהם פערש... (לאזט זיך לויפען).

## פערוואנדלונג

(מען זעהט דעם עולם צוריק פון דער חופה, אייזיקעל מיט רבקה׳לען אומארמט אין חופה קליידער, מוזיק שפיעלט לוסטיג, מען טאנצט אקעגען, חיים יואל מיט חוה לאה׳ן מיט קוילעטשען, טאבעלע שרייט ווילד אויס)

**צו שפעט צו שפעט, פאַטער!** (פאלט אונמעכטיג).

**(פ אָ ר ה אַ נ ג).**

**(ענדע דעם דריטען אַקטעס).**

**(8 יאהר שפעטער)**

# IV. אַקט

(שטראססע, חוה לאה מיט אַ קויבער צום איינקויפען).

**חוה לאה**: אַ מכה יענעם אָט אַ דאָס. חוה לאה זאָל ווערען אַיין אַלטע מויד, פע! חוה לאה האָט שוין ב״ה חתונה געהאַט, חוה לאה האָט אַ מאַן ביז 120 יאָהר, חוה לאה איז אַ מאַמע אויך, חוה לאה איז אַ בעל-הבית׳טע, חוה לאה געהט אויף איינקייפע, הערט אַ מעשה! מען האָט מיר געוואָלט צונעהמען דאָס וואָס גאָט האָט מיר אָנגעצייכענט פון שמיי־דרייא בראשית, וואָס זשע טהוט גאָט? ווערט ביז אין 3 יאָהר אַ גאַנץ איבערקעהרעניש, פון ר׳ הערצעלעס פערמעגען איז געוואָרען אַ תל, דאָס וואַסער האָט פאַרשווימען געהילך אפשר פאַר 60 טויזענד גולדען, ר׳ הערצעלע האָט באַנקראָטירט, און אַליין איז ער געגאַנגען אין זיבענהויז אַריין. רייזעלע זיין ווייב האָט נישט געוואָלט עסען קיין לעקוך מיט טאַבעלע, עסט זיא דיא ערד, אַייזיקעל איז אָרים וויא דיא נאַכט, ער לעבט פון קצבה וואָס דיא שטאָדט גיט נישט האָט ער נישט, רבקה׳לע זיין ווייב איז געפעהרליך קראַנק, זיא האָט דיא שווינדזוכט, גליקליך איז זיך נאָך אויסגעגאַנגען מיין חיים יואל, אַזוי וויא ער האָט דערזעהן דאָס גאַנצע סדום איבערקעהרעניש, האָט ער נישט געמאַכט קיין לאַנגע געשעפטען, און איז געקומען צו לויפען פער-סאַפעט פערשוויצט דערהיצט מיט אַ געשרייא חוה לאה קום חתונה האָבען אַ דאָ האָב איך מיך שוין געמאַכט אַז איך וויל נישט, האָט ער אָבער געגעבען אַ געשרייא, חוה לאה איך שטאַרב, חוה לאה איך ווער משוגע, חוה לאה איך גערה אין זיבענהויז אַריין, האָב איך שוין אויף איהם רחמנות געהאַט און איהם צוליעב געטהון, וואָס דען האָב איך געוואָלט טהון? איהם צולאָזען אַיין אַנדערער? אַ מכה יענעם אָט אַ דאָס — עה איך בין שוין נישט דיא זעלבע חוה לאה וואָס אַמאָל, קוקט נישט אויף מיין פרייטאָגדיגען הולך, וויא אַזוי דען זאָל אַ יודיינע

טָאכְטֶער גָּהֶן פְּרֵייטָאג! אַ קְלֵיינִיגְקֵייט וָואס פְּרֵייטָאג אִיז דָא צוּ טְהוּן, קוּמְט אָבֶּער נָאר אִיה״ש מָארְגֶען שַׁבָּת צוּ מִיר, וֶועט אִיהְר מִיךְ מֶעגֶען הֶערְצֶען, אוּנ מִיר זָאגֶען ר׳ חַוָה לֵאָה אַ גוּט שַׁבָּת!

№ 3

דָער פְרֵייטָאגְדִיגֶער טָאג
אִיז אַ צָרָה, אַ פְּלָאג
דָאס וֵוייסְט דָאךְ אַ יֶעדֶער,
אַ טְשַׁאד אַ רוֹיךְ — מֶען אַרְבֵּייט מִיטְ׳ן כֹּחַ,
דֶער קָאפְּף אַ גֶעוואַלְד גֶעהְט אוֹיף רֶעדֶער,
חַלָּה בַּאקֶען — קֵיילִיכֶער הַאקֶען,
פִיש אָבְשָׁאבֶּען — בּוּלְבֶּענִיק מַאכֶען,
קְנֶעטֶען, וַואלְגֶערֶען, שְׁנֵיידֶען לָאקְשֶׁען, קָאכֶען,
אַ רָאסֶעל מוּז מֶען הָאבֶּען,
צוּ דֶעם טְשׁוּלֶענְד בּוּלְבֶּעס שָׁאבֶּען,
נִישְׁט פֶערְגֶעסֶען דִיא יוֹיךְ צוּ שָׁאמֶען,
אִין זִינֶען הָאבֶּען צִימֶעס, פְּלָאמֶען,
קוּלִיטְשׁ פְּלֶעכְטֶען מוּז גֶערָאטְהֶען,
קֶעלְבֶּערְן פְלֵייש מוּז זַיין גֶעבְּרָאטֶען,
אוֹיךְ דִיא אַרְבִּים מוּזֶען זִיעֶדען,
אַיין אַלְטֶער מִנְהָג בַּייא אוּנְז יוּדֶען —
אוּנ דָאךְ מַיינֶע לִיעבֶּע דַארְפְט אִיהְר אַייךְ נִיט זָארְגֶען,
בַּאלְד נָאךְ דֶעם קִיגֶעל מָארְגֶען
דָאס קֶעפֶּעלֶע אוֹיסְגֶעצְוָואגֶען,
נִישְׁטָא דָאס קְלֵייד מִיט דִיא שְׁקְרַאבֶּעס,
אוּנ אִיהְר מֶעגְט מִיר אַלֶע זָאגֶען
חַוָה לֵאָה גוּט שַׁבָּת.

---

כּוּן נַאיְנֶע בְּרִיה — זָאגְט מֶען זִיךְ נִיט צוּ
אַבִּיסֶעלֶע אָבְצוּרוּהֶען,
אוּמֶעדוּם צוּ לוֹיפֶען — אַלְכְּדִינְג צוּ קוֹיפֶען,
אַ הוּיז אִין שְׁטוּב צוּ מְהוּן,



וַואשֶׁען מוּז מֶען רֵיין דִיא דִיעלֶען
אוּנ דֶערְצוּ דִיא קִישֶׁקֶע פִּילֶען,
אַ פּוּס אַ דִיקֶען — טְשָׁאלֶענְט פֶערְרִיקֶען,
מִילְךְ אָבְוֶועלֶען — קַאוֶוע אוֹיפְשְׁטֶעלֶען,
רֵייבֶּען הְרֵיין — דָאס מוּז זַיין,
אַ פֶעטֶען נָאגֶען — בָּארְשְׁט אוּנְבֶּערְשְׁלָאגֶען,
אוּנ דֶערְצוּ — אַ גוּטֶען קְוַיעַ,
אַייעֶר קִיכְלֶעךְ טָאר נִיט פֶעהְלֶען,
אַ הֵייסֶען צְוָואג מוּז מֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען,
צִיבֶּעלֶעס מִיט שְׁמַאלְץ — אוּנ פֶעטֶע גְרִיוָועס,
אוּנ נָאךְ מִיטָאג זִיסֶע רִיעבֶּען,
אוּנ דָאךְ מַיינֶע לִיעבֶּע דַארְפְט אִיהְר אַייךְ נִיט זָארְגֶען,
בַּאלְד נָאךְ דֶעם קִיגֶעל מָארְגֶען
דָאס קֶעפֶּעלֶע אוֹיסְגֶעצְוָואגֶען,
נִישְׁטָא דָאס קְלֵייד מִיט דִיא שְׁקְרַאבֶּעס,
אוּנ אִיהְר מֶעגְט מִיר אַלֶע זָאגֶען
חַוָה לֵאָה גוּט שַׁבָּת. (טאנצט)

(אויפֿכריט חיים יואל מיט אַ קויבער)

**חיים יואל:** חַוָה לֵאָה וָואס אִיז דָאס? בִּיזְט מְשׁוּגַע גֶעוָוארֶען, אִין מִיטֶען דֶער גַאס שְׁטֶעלְט מֶען זִיךְ טַאנְצֶען?

**חוה לאה:** וָואס זֶענֶען מִיר שׁוּלְדִיג? אַז דִיא פֶערְפַאסֶערְס הֵייסֶען אוּנְז טַאנְצֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ, מוּזֶען מִיר טַאנְצֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ.

**חיים יואל:** הָאסְט רֶעכְט, זָאג נָאר חַוָה לֵאָה וואוּהִין גֶעהְסְט דוּא?

**חוה לאה:** אִיךְ גֶעה אוֹיף אַיינְקֵייפֶע, וואוּהִין גֶעהְסְט דוּא חַיִים יוֹאֵל?

**חיים יואל:** אִיךְ גֶעה אוֹיךְ אוֹיף אַיינְקֵייפֶע, אִיךְ הָאבּ גֶעקוֹיפְט אַ שְׁטִיקֶעל פְלֵייש, אַ חַלָּה, אַ פֶּעטְרִישְׁקֶע פַאר אַייזִיקֶעלְס וֶועגֶען, עֶס אִיז דָאךְ נֶעבִּיךְ אַ רַחֲמָנוּת, מֶען גֶעהְט דָאךְ פָּשׁוּט אוּיס פַאר אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, אוּנ דָא אִיז נֶעבִּיךְ רִבְקָה׳לֶע אַזוֹי קְרַאנְק אַז דֶער דָאקְטָאר הָאט גֶעזָאגְט אַז זִיא וֶועט טָא טָא אַנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען וִויא אַ הִינְדֶעל.

**חוה לאה:** נוּא חַיִים יוֹאֵל טְהוּט דִיר עֶפִּיס בַּאנְג, וָואס מִיר הָאבֶּען בֵּיידֶע

חתונה געהאט? וועהסט דוא ווען איך זאל דיך נישט געוועזן נעהמען וואלט דיך זיכער געוועזן דער רוח גענומען.

**חיים יואל:** (אפארט) אונ אזוי האט ער מיך נישט גענומען — צי עס טהוט מיר יא באנג צי נישט פערפאלען איז עס, א כלל נעה אהיים אונ מאך דיך נישט משוגע אין מיטען דער גאס.

**חוה לאה:** חיים יואל א קיש. (שטעלט אויף דעם פיסק)

**חיים יואל:** וואס איז דיר עפיס איינגעפאלען אין מיטען דער גאס א קיש?

**חוה לאה:** אז חוה לאה זאגט א קיש מוז זיין א קיש, אונ יעדער זאל וועהן וויא דוא האסט מיך ליעב. (חיים יואל מאכט צו דיא אויגען קישט זיא) אזוי אז חוה לאה זאגט א קיש מוז זיין א קיש. (אב)

**חיים יואל:** אין מיטען דער גאס א קיש אונ יעדער זאל זעהן וויא ליעב דוא האסט מיך. אז איך טהו איהר א קיש פערמאך איך דיא אויגען אונ נעהם מיר טאבעלען אין זינען, דאכט זיך מיר אויס אז איך קיש טאבעלען. איהר מיינט אז איך האב זיא ליעב? חס ושלום, איך האב זיא קיין מאל נישט ליעב געהאט אונ האב זיא ווייטער נישט ליעב. נאר וואס מענשען קענען נישט. מען האט מיר געזאגט מען רעדט דיר דעם שידוך, שרייב תנאים, האב איך געשריעבען תנאים. נאך דיא תנאים האב איך זיא ווייטער נישט געוואלט, נאר וואס מענשען קענען אלס נישט. מען האט מיר געזאגט עס איז בעסער צו רייסען פארמעט איידער כאפיר, האב איך מיר געטראכט איך וועל היינט מאכען א חופה מיט א גלעט. אונ מארגען א פאטש מיט א גט. אונ אזוי אויף כתובות האב איך חתונה געהאט. נאך דער חתונה פאסט דאך נישט זארעס פון זיך צו מאכען לייטיש געלעכטער, האב איך אביסעל געוואַרט, דערווייל האט זיא בעקומען עפיס א מיחוש.*) האב איך געוואַרט ביז דאס וועט פארגעהן, אונ זיא וועט געזונד ווערען,

---

*) אויף פראווינץ־בעאמטער האט מיך א רעוישיסער פעטשאנען אז מיט דעם ווארט מיחוש, אז חוה לאה ווערט קרים — אונ פארקריפעלט מיר חוה לאה'ן אין דעם אקט. אבער עס איז נישט וויא ער האט עס אויפגעפאסט, א מיחוש האב איך געמיינט «מעוברת». המחבר.



פלוצים איז ארויס א שלש מיט א געשרייא א ע א ע. אונ מיט דעם שלש בין איך אויפגעהאלטען געווארען אונ האלט מיך נאך, אונ אצינד איז מיר מיין קאפף פערשלאגען מיט מיינע געוועזענע בעלי־בתים... אוועק טאנצע חיים יואל ביזט אויף ציפקע צרות. (אב)

## פערוואנדלונג

(בייא אייזיקעל איין ארים צימער מיט איין אויוועז, אייזיקעל זיצט אונ ווארמט זיך, רבקה'לע ליעגט אין בעט קראנק, הערצעלע זיצט נעבען איהר אין זיבען־קליידער טרויריג, פויזע).

**אייזיקעל:** אין שטוב איז קאלט, מיט 4 שטיקלעך האלץ דורכגעווארפען דעם אויוועז.

**הערצעלע:** שלמה המלך'ס ווערטער „ושבח אני את המתים שכבר מתו מן החיים אשר המה חיים עדנה“ איך בענייד מעהר דיא וואס זיינען שוין לאנגסט געשטארבען פון דיא וואס לעבען נאך, וויא בענייד איך דיך מיין טהייערער ווייב וואס דוא ביזט שוין דיינם איבערגעקומען, ליעגסט דיר רוהיג, וועהסט נישט דיא אלע צרות וואס זענען אויף אונז געקומען, דוא וועהסט נישט דיין מאן אין זיבען קליידער וואס געלויבט איז השי"ת דערפאר, דוא וועהסט נישט דיין קינד דיין בן יחיד קרעכצען ווען דאס הערץ נאגט איהם עסען, דיא שניר קראנק געפעהרליך קראנק, — אך פערשאלטען האט געוואלט ווערען דער טאג וואס איך בין געבוירען, אדער וויא דערלעבט מען שוין דעם טאג פון מיין טוידט, דארט אין קבר וועל איך נישט הערען דאס וויינען פון דעם קליינעם קינד עסען אונ עס איז נישטא צו געבען, דארט וועל איך נישט הערען אונ פיהלען מיין אומגליק — דאס וואסער איז גרויס, שטראמען יאגען, חוואלים שלאגען, דאס געהילץ ווערט פערשווימען, עס מאכט א תל פון מיין פערמעגען! רויבערס, גזלנים, נעמט אייך צו מיינס, גיט מיר ווענינגסטענס אב פרעמדס, ארים געלד, חה חה! אלעס איז פערביא, איין עק פון ר' הערצעלע מיהלשטיין! נאר ראמיך נישט זינדיגען איוב הצדיק האט קליגער געזאגט „ערום יצאתי מבטן אמי וערום אשוב — ד' נתן וד' לקח, יהי שם ד' מבורך“.

**רבקהלע:** שוועך, אייזיקעל, וויא זענט איהר? קומט אהער צו מיר עס איז מיר זעהר שלעכט.

**אייזיקעל:** נעהם טרינק אביסעלע מילך רבקה'לע.

**רבקהלע:** שוועער לעבען, אייזיקעל! וואס האט געזאגט דער דאקטאר, וועהט ער נאך עפים א רפואה פון מיינעט וועגען, צי ניין? וועל איך נאך זיין א מאמע צו מיין קינד צי ניין? פערלוירען א יונגע נשמה, מיין וועלט געהט אונטער, מיין ליכט לעשט אויס.

**הערצעלע:** רבקה לעבען, טאכטער מיינע, רעג דיך נישט אויף, דאס מאכט דאך דיר ערגער.

**אייזיקעל:** שרעק דיך נישט מיין טהייער רבקה'לע, עס וועט דיר מיט גאטס הילף בעסער ווערען, השי"ת איז א רופא חולים, דער דאקטאר האט געזאגט אז עס איז נאר אזא מין פיעבער.

**רבקהלע:** אוי א פיעבער. (צייגט טיכעל מיט בלוט) איך וועה איך פיהל עס, אז עס איז א פיעבער, אייזיקעל רוף מיר אריין דאס קינד לאמיך מיך מיט איהם קוויקען, געה ברענג איהם אריין. (אייזיקעל אב) שוועער לעבען, וואס איז דאס וואס טאבעלע איז נאך היינט דא נישט געוועען? איך האב מיך דאך נישט מיט גאס צו ערקוויקען, זיא ברענגט דאך מיר אלדעם גוטס....

(אויפטריט אייזיקעל, קינד)

**רבקהלע:** קום אהער מיין קינד לאמיך מיך מיט דיר דערקוויקען, וויא ביזט דוא געוועען מיין קינד?

**קינד:** איך בין געוועען בייא חייטשאלען, דארט איז אזויווארם, מאמשיניוא, פאר וואס איז דארט אזוי ווארם און בייא אונז אזוי קאלט?

**רבקהלע:** ווייל דארט איז בעסער געהייצט.

**קינד:** לאז מען בייא אונז אויך בעסער איינהייצען, מאמטשוניוא וועלוועלע געהט מיט זיין מאמע אויף א חתונה, אז גאט וועט העלפען דוא וועסט געזונד ווערען, וועסט דוא מיך אויך מיטנעהמען אויף א חתונה?

**רבקהלע:** הלוואי! קינד מיינס לעג דיין קעפעלע אויף מיר גיב אהער דיין פנימ'ל לאמיך שמעקען דערצו — קוק גוט מיין קינד אויף דיין מאמע קוק גוט אן דאס פנים, געדענק גוט איהר געשטאלט, נישט איינמאל וועסט דוא דאס פנים זוכען, דוא וועסט רופען דעם נאמען מאמע אבער...



**הערצעלע:** אבער רבקה'לע דוא וועסט נאך מיט גאטס הילף לעבען און געזונד זיין.

**רבקהלע:** הלוואי! אוי עס איז נישטא קיין בעסער דערקוויקעניש וויא דאס, ווער איז מעהר טרייסט, מעהר נחמה וויא א קינד? (שלאפט איין)

**קינד:** זיידעניוא איך בין אזוי הונגעריג.

**אייזיקעל:** נעהם טרינק אביסעלע מילך.

**קינד:** ניין איך וויל נישט קיין מילך, די מאמע וועט נישט האבען וואס צו טרינקען.

(אויפטריט יוד)

**יוד:** א גוטען אווענד, דיא חברה נושא לחם האבען אייך געשיקט א ברויט מיט 2 שיין, האט א גוטע נאכט. (אב)

**קינד:** זיידעניוא גיב מיר א שטיקעל ברויט. (אייזיקעל גיט איהם, קינד אב)

**אייזיקעל:** נוא טאטע לעבען געלויבט השי"ת מיר האבען שוין אלסדינג, עשירות, יחוס, כבוד און געלד, אלעס!

**הערצעלע:** שנייד נישט מיין פלייש מיין איינציגער אומגליקליכער זוהן, איך ווייס און פיהל אז איך בין איין אלעמען שולדיג, מיין עקשנות האט מיך צו דעם אלעמען געבראכט, גלויב מיר מיין טהייערער זוהן ווען עס זאל מיר נישט ביינקען פאר מיינע אויגען דיא עטליכע ווערטער .המאבד עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא' וואלט איך מיר שוין לאנג דאס לעבען גענומען און איין עק געמאכט צו דיא אלע צרות.

**אייזיקעל:** געדענקסט טאטעניוא מיין שבועה? זאל דיא האנד נישט קענען קיין ברויט פערדיענען, זאל דיא האנד דארפען קצבה נעהמען, אט האסט דוא אלעס.

(אויפטריט טאבעלע מיט א קיישעל)

**טאבעלע:** א גוטען אווענד ר' הערצעלע וואס טהוט רבקה'לע, איז איהר אביסעל בעסער? וואס האט געזאגט דער דאקטאר? אייזיקעל זונטאג איה"ש וועט שוין רבקה'לע קענען פאהרען אין דיא מאלקען, עס וועט שוין זיין געלד, איך האב געשיקט פערקויפען דאס לאז.

**אייזיקעל:** וואס פאר א לאז, וויא קומט צו דיר א לאז!

**טאבעלע:** ווען מיר האבען פערקויפט פערד און וואגען, האב איך מורא געהאט דאס געלד זאל נישט אהין קומען, האב איך דערפאר געקויפט

**א** טירקישע לאז אונ יעצט וויא דער דאקטאר האט געזאגט **אז** רבקה׳לע דארף האבען די מאלקען, האב איך געשיקט דעם טאטען ער זאל עס פערקויפען.

**הערצעלע:** (ערבליקט דורך דאס פענסטער) **אוי וועה נור, עפים לויפט אזוי דיין טאטע אהער.**

**טאבעלע:** ער מוז זיך פרייען וואס רבקה׳לע וועט שוין איה״ש קענען פאהרען אין די מאלקען.

(אויפטריט יעקעל פערסאפעט).

**יעקעל:** ר׳ הערצעלע א ישועה מיר וועגען געהאלפען, מיר וועגען גליקליך, אונזער צעטעל האט געמאכט דעם אויבערטרעפער איך קום אזוי אריין צו דעם יודען פערקויפען דאס צעטעל גיט ער צו מיר א געשרייא, לאשיק וואס איהר וענט, דאס צעטעל האט דאך געטראפען 60,000 גולדען, אצונד לאמיר אויפוועקען רבקה׳לע אונ וויאה אין די מאלקען.

**אייזיקעל:** (געהט צו) רבקה׳לע דוא שלאפסט? וועסט שוין מיט גאטעס הילף האבען א רפואה, וועסט שוין קענען פאהרען אין די מאלקען, רבקה׳לע הערסט די ישועה איז שוין דא, וועה נור אט איז דאך טאבעלע, רבקה׳לע... רבקה׳לע... פאטער, טאבעלע קומט נור אהער... רבקה׳לע... רבקה׳לע... זיא איז טאדט רבקה׳לע, מיין געטרייע פרויא רבקה׳לע. (פאלט איבער איהר, טאבעלע פאלט נעבען איהר פאטער אונמעכטיג. פאזיציאן).

**(פ א ר ה א נ ג).**

**ענדע דעם 4־טען אקטעס.**

---

# עפילאג.

(סדר נאכט, גראדע וויא אין בילד. יעקעל הערצעלע אין קיטלען, אייזיקעל טאבעלע אויבען אן).

**טאבעלע:** איך ווייס נישט ווי׳א דאס קינד זאל זיין, חיים יואל איז נאך נישט דא מיט׳ן קינד פון דער שוהל.

(אייטריט חיים יואל, קינד).

**חיים יואל:** א גוט יו״ט א גוט יו״ט! דאס איז א שקוץ די גאנצע חרוסות האט ער אויפגעגעסען.

**קינד:** א גוט יו״ט דיר טאטעניא, א גוט יו״ט דיר מאמעטשעניא, א גוט יו״ט דיר ביידעניא, אבער איך קען שוין גוט די 4 קשיות, נור עס איז נישט גוט וואס עס איז נישט דא 3 סדר נאכט, וואלט איך איין נאכט נעפרעגט דעם טאטען די 4 קשיות, אונ די אנדערע נאכט איין ביידען אונ די דריטע נאכט דעם אנדערען ביידען.

**אייזיקעל:** קום מיין קינד וועלען מיר מאכען קידוש.

**קינד:** מאמעטשעניא איך האב שוין א גוטע עצה, היינט וועל איך פרעגען דעם טאטען די 4 קשיות אונ מארגען וועל איך פרעגען ביידע ביידעס צו 2 קשיות.

**חוה לאה:** (צו חיים יואל׳ן) אונ איך וועל דיך פרעגען אלע 5 קשיות.

**אייזיקעל.** נוא לאמיר דערצעהלען יציאת מצרים או רוב נסים הפלאת בלילה, ליל זה ליל שמורים.

**№ 4.**

**I.**

אין מצרים דעם שווערען גלות
האבען יודען גענוג געליטען
אלע מאל אנדערע שווערע בהלות
פון זייא זייער פלייש געשניטען

רט ווארפט מען יודישע קינדער.
אין דעם גרויסען טייך ניל
פאטער און מוטער הערט מען ניט
דארט קוילעט מען יודישע קינדער
אהן רחמנות זעהר פיעל
ווייל פרעה דארף זיך באדען אין יודיש בלוט
און אין דער היינטיגער נאכט.
האט גאט מכות בכורות געבראכט
גאט אליין האט בעוויזען זיין גבורה
פרעה פאר גרויס שרעק, לאזט די יודעליך אוועק
און יודעלע זינגט פרעהליך די שירה
דערפאר דארפען מיר יודעליך אלע
לויבען גאט און זינגען שירים
אז רוב נסים הפלאת בלילה
ליל זה ליל שמורים.
(ביס קאהר)

II.

ביי אחשורוש האט המן הרשע,
גאר א גאנץ קלייניגקייט געוואלט.
אויסקוילען אלע יודען איז נישקשה,
פאר 10 טויזענד צענטנער גאלד.
מרדכי וויינט פארגיסט טרעהרען,
טהוט אן א זאק מיט ערד,
ביז גאט האט זיין תפלה געמוזט דערהערען,
און די גזרה באלד צערשטערט.
און אין דער היינטיגער נאכט,
האט מען המנ׳ען אין קעפיל געמאכט,
ער הענגט שוין אליין אויף דער תליה,
ישראליק איז פריילעך,
היינט ביי נאכט א מלך,
און דאנקט גאט פאר דער ישועה.



דערפאר דארפען מיר יודעליך אלע
לויבען גאט און זינגען שירים,
אז רוב נסים הפלאת בלילה
ליל זה ליל שמורים.
(ביס קאהר)

**חיים יואל:** מילא דאס איז נסים פון אמאל, און דערפאר לויבען מיר גאט, אבער די נסים פון היינט אז גאט האט אונז געהאלפען מיר האבען דערלעבט צו זעהן ר׳ הערצעלע צודיק איין עושר און ר׳ יעקעלע זיין מחותן, אייזיקעל היגער רב, טאבעלע רביצען, חיים יואל שמש, און חוה לאה שמש׳טע, דארפען מיר אריין נעהמען די קניידלעך און אב געבען א שבח און זאגען, ווער עס האט קניידלעך אליין איז דיינו, און דערצו ארויס פעסל בארשט איז דיינו, און א קראפ פון א הינדיק, איז דיינו, און געגלאזטע מצות מיט זאלץ-וואסער און אייער איז דיינו. און דערצו א גוט גלעזעל וויין איז דיינו, דערפאר דארפען מיר פרעהליך זיין און שרייען הורא רבש״ע! דיינו!

(אלע טאנצען).

(פארהאנג).

ענדע.

